שמחה פאליאקעוויטש

# אין שאטן פון טרעבלינקע

## (חורבן סאקאלאוו־פאדליאסקי)

ארויסגעגעבן דורכן
ארגון יוצאי סוקולוב־פודלסקי בישראל
תל־אביב, תשי״ז / 1957

# נזכור

סוקולוב היהודית, תחנת הבינים בת מאות השנים של יהודים בדרכם הארוכה מארץ ישראל לארץ ישראל — לא נשכחך. אנו, שחיינו נפקחו בתוכך וזכינו להגיע לארץ ישראל — זוכרים אותך.

אנו זוכרים את רחובותיך הצרים והעקלקלים שבאבני מרצפותיהם נפגעו רגלי ילדותנו היחפות, אנו זוכרים את בתיך הערומים מעץ, מצמח ומפרח, (כי מי־זה יטע וישתל בתחנת בינים?) שנצטופפו ונתרפקו זה על זה כאילו מבטאים את אהבת ישראל שבתוכם.

אנו זוכרים את יהודיך, המפוארים בזקן ובפאות, שלא לאבד אף שערה אחת מצורת היהודי הקדמון, אשר נשאו את יהדותם ככתר, כתר „עמך ישראל קבוצי מטה".

אנו זוכרים אתכם, יהודים מופלאים, שלא היתה קיימת כל חציצה ביניכם ובין אלה שמסרו את התורה דור לדור מהר סיני, אתם שבגלותכם מאדמת ארצכם לקחתם את שמיה, את תורתה ותרבותה, עמכם, ונהגתם בהם כבמולדת, שלמענה היה כל אחד מכם חייל מתנדב לשמרה ולהגן עליה ונכון יום ולילה תמיד ליהרג למענה ובזכותכם הגענו עד הלום.

יהודי סוקולוב, ה„חסידים" וה„מתנגדים", מעמיקי האמן, הדבקים באלהי ישראל, לא נשכח את בתי תפילתכם, את בית הכנסת, את בתי המדרש, הישן והחדש, ואת ה„שטיבלעך" למיניהם, בהם קראתם שלש פעמים ביום „ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים", בהם עצבתם את נפשותינו ותורת אמונ נטעתם בתוכינו.

לא נשכח את הדר שבתותיכם, בן הפגנתם את עצמאותכם בין הגויים; את חגיכם ומועדיכם: הפסח, אשר שמרתם כאי־חירות־נצחי בים השעבוד של הגלות; הסוכות, כשהגשתם לנו את האתרוג שלא נשכח ריח מולדת ואת הלולב

שלא נשכח את קולה; חמשה עשר בשבט, שלא נשכח את מתקה, השבועות שלא נשכח את תורתה; החנוכה, שלא נשכח את גבורתה; את ראש השנה ויום הכפורים, כשהפגנתם את מותר האדם, העושה חשבון העולם וחשבון האדם; את תשעה באב שלא נשכח את מקור יסורינו ואת הפורים שנזכור תמיד כי „מרדכי לא יכרע ולא ישתחוה" — כך דרכתם את נפשותינו לקראת המשיח ש„אף על פי שיתמהמה נחכה לו כל יום שיבוא".

יהודי סוקולוב, לא נשכח את בניכם, דוחקי הקץ, אשר את האמונה שנטעתם בנפשותיהם הפנו לאמונה בגאולת האדם, גאולת העולם וגאולת ישראל. במועדוניהם, בספריותיהם ובבתי הועד שלהם עמלו ופעלו שלא על מנת לקבל פרס, לעלית האדם, לגאולת העולם ולגאולת עמם.

לא נשכח את סבלותיכם ועניכם, את יסוריכם ואת ענוייכם האיומים, את מותכם האכזרי. נצרר את חייכם בצרור חיינו שבמולדת, ובכל אשר נפעל דבקים אתם בנו. שותפים אתם לגאולה ושותפים לעמל, שותפים לבנין ושותפים לחריש ולזריעה ולקציר, שותפים בלילות שמירה ושותפים במלחמות אשר נלחם.

כל עוד נשם נזכור את הורינו, אחינו ואחיותינו קרובינו וידידינו שנספו באכזריות בסוקולוב, נזכור כי מהם באו לנו חיינו, אהבתנו ותקוותינו, נזכור כי שליחיהם היינו למולדת והם נפלו בדרך, נמהל נשמת אפם בנשמת אפנו ונזכרם בישראל.

**וולף וינטראוב**
אלוף־משנה **זאב**

**תל־אביב,**
שנת ט' לתקומת ישראל.

# מיר וועלן געדענקען

יידיש סאָקאָלאָוו, די הונדערטער־יאָרן־אַלטע דורכגאַנג־סטאַציע פון יידן אויף זייער לאַנגן וועג פון ארץ־ישראל קיין ארץ־ישראל — מיר וועלן דיך נישט פאַרגעסן. מיר, וואָס אונזער לעבן איז אויפגעגאַנגען אין דיר און מיר האָבן זוכה געווען צו דערגיין קיין ארץ־ישראל — געדענקען דיך.

מיר געדענקען דיינע שמאָלע און געדרייטע גאַסן און געסלעך, וואָס אויף זייערע ברוקן־שטיינער האָבן געטרעטן די באָרוועסע פיסלעך פון אונזער קינד־הייט; מיר געדענקען דיינע נאַקעטע הייזלעך, אָן אַ בוים, אָן אַ געוויקס און אָן אַ בלום (ווייל ווער וועט עס פלאַנצן אויף אַ דורכגאַנג־סטאַציע?), וואָס האָבן זיך געטוליעט און געקלאַמערט איינס צום צווייטן ווי אויסצודריקן די אהבת ישראל וואָס איז געווען באַהאַלטן אין זיי.

מיר געדענקען דיינע יידן, באַצירטע מיט באָרד און פיאות, נישט צו פאַר־לירן קיין האָר פון דער צורה פון אור־ייד, וואָס האָבן זייער יידישקייט געטראָגן ווי אַ קרוין — די קרוין פון „עמך ישראל קבוצי מטה".

מיר געדענקען אייך, וווּנדערלעכע יידן, וואָס קיין שום מחיצה האָט אייך נישט אָפּגעטיילט פון די, וואָס האָבן איבערגעגעבן פון דור צו דור די תורה פון סיני; וואָס ווערנדיק פאַרטריבן פון אייער ערד, האָט איר מיטגענומען מיט זיך איר הימל, איר תורה און קולטור און מיט זיי זיך אומגעגאַנגען ווי מיט אַ היימלאַנד, פאַר וועלכן יעדער איינער פון אייך איז געווען אַ סאָלדאַט־פון־גוטן־ווילן, צו היטן און באַשיצן, גרייט בייטאָג און ביינאַכט אומצוקומען פאַר איר און אין אייער זכות זענען מיר דערגאַנגען ביז אַהער.

סאָקאָלאָווער יידן, „חסידים" און „מתנגדים", טיף־גלויביקע, באַהאַפטענע מיטן גאָט פון ישראל, מיר וועלן נישט פאַרגעסן אייערע בתי־תפילה, די שול, דעם אַלטן און נייעם בית־המדרש און די אַלע „שטיבלעך", ווו איר האָט דריי מאָל אין טאָג אויסגערופן „ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים", ווו איר האָט אויסגעפורעמט אונזערע נשמות און פאַרפלאַנצט אין אונז אַ תורת אמת.

מיר וועלן נישט פאַרגעסן דעם פראַכט פון אייערע שבתים, אין וועלכע איר האָט דעמאָנסטרירט אייער פריי־זיין צווישן די גויים; אייערע „ימים־טובים און פייערטעג: דעם פסח, וואָס איר האָט אָפּגעהיטן ווי אַן אייביקער פרייהייטס־אינזל אין ים פון גלותדיקער פאַרשקלאַפונג; דעם סוכות, ווען איר האָט אונז צוגעטראָגן דעם אתרוג, מיר זאָלן נישט פאַרגעסן דעם ריח פון היימלאַנד, און דעם לולב, מיר זאָלן נישט פאַרגעסן איר קול; חמשה עשר בשבט — מיר זאָלן נישט פאַרגעסן איר זיסן טעם, דעם שבועות — מיר זאָלן נישט פאַרגעסן איר תורה; חנוכה — מיר זאָלן נישט פאַרגעסן איר גבורה; דעם ראש השנה און יום כיפור, ווען איר האָט מאַניפעסטירט די דערהויבנקייט פון מענטש, וואָס מאַכט דעם חשבון פון דער וועלט און דעם חשבון פון מענטש; דעם תשעה באב — מיר זאָלן נישט פאַרגעסן דעם מקור פון אונזערע יסורים און דעם פורים — מיר זאָלן תמיד געדענקען, אַז „מרדכי לא יכרע ולא ישתחוה" — אַזוי האָט איר אַנגעריכט אונזערע נשמות צום אַנטקעגן גיין משיחן „וואָס כאָטש ער פאַרזוימט זיך וועלן מיר וואַרטן אויף אים יעדן טאָג ער זאָל קומען".

סאָקאָלאָווער יידן, מיר וועלן נישט פאַרגעסן אייערע זין די גאולה־דערנענטערער, וועלכע האָבן די אמונה, וואָס איר האָט פאַרפלאַנצט אין זייערע נפשות, געריכטעט צו אַ גלויבן אין דער דערלייזונג פון מענטש, דערלייזונג פון דער וועלט און דערלייזונג פון יידישן פאָלק. אין זייערע פאַראיינען, אין זייערע ביבליאָטעקן און אין זייערע צוזאַמענקונפט־ערטער, האָבן זיי זיך געמיט און געווירקט, נישט זוכנדיק קיין באַלוינונג, פאַר דער דערהויבונג פון מענטש, פאַר דער גאולה פון דער וועלט און גאולה פון זייער פאָלק.

מיר וועלן נישט פאַרגעסן אייער ווײ און נויט, אייערע יסורים און עינויים, אייער גרויזאַמען טויט. אייער לעבן וועלן מיר אַנבינדן אין דעם בונד פון אונזער לעבן אין פרייען היימלאַנד, און וואָס מיר זאָלן נישט טאָן — זענט איר באַהאַפטן מיט אונז. איר זענט שותפים צו דער גאולה און שותפים צו דער מי, שותפים צום בוי און שותפים צום אַקער, צום פאַרזיי און צום שניט, שותפים אין וואַך־נעכט און שותפים אין אונזערע מלחמות.

ווי לאַנג מיר וועלן אָטעמען, וועלן מיר געדענקען אונזערע ברידער און שוועסטער, אונזערע נאָענטע און פריינד, וואָס זענען אַזוי אכזריותדיק אומגע־קומען אין סאָקאָלאָוו. מיר וועלן געדענקען, ווייל פון זיי האָבן מיר באַקומען און ציען אונזער לעבן און חיות, אונזער ליבשאַפט און אונזערע האָפענונגען, מיר וועלן געדענקען, אַז מיר זענען געווען זייערע שליחים צום היימלאַנד און זיי זענען געפאַלן אויפן וועג. מיר וועלן אָטעמען מיט זייער לעצטן אָטעם און מיר וועלן זיי אייביק געדענקען אין ישראל.

**וואלף וויינטראוב (זאב)**

תל־אביב,
אין ניינטן יאָר פון דער אויפריכטונג פון ישראל

# פאָרוואָרט

„אין שאָטן פון טרעבלינקע" איז דאָס צווייטע בוך פון שמחה פּאָליאַקער־וויטש. אין ערשטן בוך, „אַ טאָג אין טרעבלינקע", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1948 (אין דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום", 31־טער באַנד) אין בוענאָס־איירעס, דערציילט דער מחבר וועגן דעם דאָזיקן טויט־לאַגער, וואָס האָט זיך געפונען אַ האַלבע שעה רייזע פון סאָקאָלאָוו.

אין דעם דאָזיקן צווייטן בוך, דערציילט דער מחבר וועגן סאָקאָלאָווער געטאָ; די טעג און נעכט פון די אין געטאָ פאַרשפּאַרטע יידן פאַר זייער קומען אַהין. דער לעצטער וועג פון די סאָקאָלאָווער יידן איז געווען אַ קורצער, אָבער ער איז געווען דער סוף פון אַ לאַנגן וועג פון מאָראַלישער און פיזישער פּיין, הונגער און נויט, קראַנקייטן און געראַנגל מיטן טויט און דאָס — אין שאָטן פון טרעבלינקע, הערנדיק טאָג און נאַכט דעם גרויליקן פייף פונעם לאָקאָ־מאָטיוו, וואָס האָט געפירט זייערע ברידער פון אַנדערע מקומות צום טויט.

פּאָליאַקעוויטש איז געווען אין געטאָ, געזען טרעבלינקע פון־דער־נאָענט און אויך דורכגעמאַכט די אַלע שבעה מדורי גיהנום פון יענע יאָרן; ער האָט אויך, ווי פיל אַנדערע, געזוכט אַן אָרט אונטער דער זון און אונטער דער ערד, ווו צו ראַטעווען זיין לעבן; אַרומגעבלאָנקעט איבער פעלדער און וועלדער כדי צו אַנטרינען דעם גורל, וואָס האָט אויף אים געוואַרט אין טרעבלינקע; געלעבט אויף אַרישע פּאַפּירן, געאַרבעט ביי דייטשן אויף צוואַנג־אַרבעט. וועגן דעם אַלעם קלייבט ער זיך שרייבן אַ דריט בוך, אין וועלכן ער וועט דערציילן וואָס ער האָט אַלץ איבערגעלעבט נאָך טרעבלינקע.

פּאָליאַקעוויטש האָט פאַר דעם קריג נישט געלעבט אין סאָקאָלאָוו און סאָקאָלאָווער איינוווינער וועלן דאָס מערקן אין געוויסע שטעלן פון זיין בוך. ער האָט געוווינט אין סטערדין, אַ שטעטעלע נישט־ווייט פון סאָקאָלאָוו, און אין די חורבן־יאָרן איז ער געקומען קיין סאָקאָלאָוו. אַזוי אַרום איז ער געוואָרן דער עדות פונעם אומקום פון אונזער שטאָט, איינער פון די געציילטע לעבנ־געבליבענע, וואָס פאַרשטייט גוט דעם חוב, וואָס ליגט אויף אים — דערציילן

אונז און די וואָס וועלן קומען נאָך אונז, וואָס ער האָט געזען אין יענע יאָרן. אַזוי איז ער — אַ געקומענער קיין סאָקאָלאָוו ווען סאָקאָלאָווער יידן זענען שוין געווען פאַרשפאַרט אין געטאָ — געוואָרן דער באַשרייבער פון דעם גרויל־גורל פון די סאָקאָלאָווער יידן. ער דערציילט אונז וועגן די לעצטע טעג פון דער בערך דריי הונדערט יאָר אַלטער יידישער קהלה אין סאָקאָלאָוו, וואָס האָט געשפרודלט מיט לעבן, וואָס האָט פאַרמאָגט אַזויפיל גוטע און האָרציקע יידן, טרוימער און קעמפער ; וואָס האָט אַרויסגעגעבן תלמידי־חכמים, שרייבער, פּאָליטיקער, געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס האָבן דערפילט און דערפילן נאָך איצט וויכטיקע אויפגאַבן אין ישראל און אין גלות. דאָס דאָזיקע בוך דערציילט וועגן אומקום פון דער דאָזיקער עיר ואם בישראל אויף פּאָדליאַשער ערד.

דאָס גרויסע יזכור־בוך, וועגן אויפקום און אַנטוויקלונג פון יידישן ל ע ב ן אין סאָקאָלאָוו, דאַרף נאָך געשריבן ווערן, כדי צו דערציילן אונזערע קינדער ו ו אָ ס מיר האָבן פאַרלוירן. ווען אַזאַ בוך וועט דערשיינען, וועלן נאָך צוקומען נייע קאַפּיטלעך, אין וועלכע אַנדערע לעבנגעבליבענע וועלן דער־ציילן וועגן אונזער גרויסן חורבן. אויך פּאָליאַקעוויטש האָט נאָך נישט אַלץ אַרויסגעבראַכט אין דעם בוך.

סאָקאָלאָווער יידן וועלן ווי געהעריק אָפּשאַצן פּאָליאַקעוויטשעס בוך, וואָס פאַראייביקט זייער שטעטל און איז גלייכצייטיק אַ וויכטיקער בייי־שטייער צו אונזער חורבן־ליטעראַטור.

אליעזר רובינשטיין

רמת־גן, י״א בשבט תשי״ז.

***

זאָל דאָס דאָזיקע בוך זיין אַ מצבה פאַר אַלע מיינע נאָענטע און טייערע. וואָס האָבן נישט קיין קבר און נישט קיין מצבה, און וועמענס לעצטן לעבנס־אָטעם איך טראָג אין זיך —

מיין פאָטער **אברהם צבי**, געשטאָרבן אין סטערדין אין דער טיפוס־עפּידעמיע,
מיין מוטער **רייזל**, דערשאָסן געוואָרן בעתן אויסמאָרדן די סטערדינער יידן,

מיין פרוי **רוזשקע** (מעלניק) פון קאַליש מיט אונזער פיר־חדשימדיק קינד **שיינע העניעלע**, אומגעקומען אין טרעבלינקע,

מיין ברודער **שלמה**, דעם קוטנער שטאָט־חזן, מיט זיין פרוי און דריי קינדער, אומגעקומען אין קוטנער קאָנצענטראַציע־לאַגער,

מיין ברודער **אליהו חיים** פון סאָקאָלאָוו מיט זיין פרוי און זעקס קינדער, אומגעקומען אין טרעבלינקע צוזאַמען מיט די סאָקאָלאָווער יידן,

מיין שוועסטער **רחל** מיט איר מאַן און זון, אומגעקומען אין טרעבלינקע צוזאַמען מיט די וואַרשעווער יידן,

מיין שוועסטער **דבורה־צייטל** מיט איר משפחה, אומגעקומען אין טרעבלינקע צוזאַמען מיט די סאָקאָלאָווער יידן,

מיין שוועסטער **לאה** מיט איר אַכט־יעריק טעכטערל **לושיא**, אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ און איר מאַן **יעקב לעלטשוק**, אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד אויף דער לעשנאָ־גאַס,

מיינע ברידער **יואל**, **פסח** און **משהלע**, דער יונגסטער פון אונזער משפּחה, דערמאָרדעטע דורך פּאָליאַקן, יאַבלאָנער פּויערים.

זאָל געהייליקט ווערן דער אָנדענק פון אַלע קדושים פון סאָקאָלאָוו, סטערדין און לאַזאָוו, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן און פּוילישע רוצחים, אין טרעבלינקע, אין זייערע שטעטלעך, אויף די וועגן, אויף פעלדער און וועלדער.
ערד, פאַרדעק נישט זייער בלוט!

## שמחה פאליאקעוויטש

תל־אביב,
עשרה בטבת, יום הקדיש, תשי״ז.

# פון מחבר

...דער גורל האָט געוואָלט, אַז דער מחבר זאָל אַרויס אַ לעבעדיקער נאָכן דורכגיין צוזאַמען מיט אַלע סאַקאַלאָווער יידן די מיט יידיש בלוט פאַרגאָסענע וועגן. אין דאָזיקן צופאַל האָט ער געזען אַ גרויסן אחריותפולן חוב — צו דער־ציילן ווי אַזוי זיינע ברידער האָבן אין יענע יאָרן פון פיין געלעבט, געראַנגלט זיך פאַרן קיום און — אומגעקומען.

דאָס בוך פרעטענדירט נישט צו זיין קיין ליטעראַרישע שאַפונג. דער מחבר האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו פאַרצייכענען נאָר די געשעענישן, וואָס קענען זיין אַ ביישטייער צו דער פאָרשונג פון דער היטלער־תקופה. דאָס, וואָס ווערט דערציילט אין דעם בוך, שטיצט זיך אויף פערזענלעכע איבערלעבונגען און אויף גבית עדותן. די נעמען און דאַטעס זענען דעם מחבר גוט באַקאַנט.

מיט דעם בוך האָט דער מחבר געוואָלט אויף אַ באַשיידענעם אופן פאַר־אייביקן די חרוב געוואָרענע יידישע קהלה אין סאַקאַלאָוו. הגם ער איז נישט קיין סאַקאַלאָווער, האָט ער אָבער גוט געקענט דאָס שטעטל און איז געווען פאַרבונדן מיט די סאַקאַלאָווער יידן פאַר דער מלחמה און באַזונדערס אין די גורלדיקע גרויל־טעג.

דער **מחבר** וואָלט **נישט** דערגרייכט זיין באַשיידענעם ציל אָן דער טרייער און איבערגעבענער מיטהילף פון זיין פריינד, דעם שרייבער **אליעזר רובינשטיין**, אַ סאַקאַלאָווער, וואָס אַ דאַנק זיין איניציאַטיוו און מי דערשיינט דאָס בוך.

עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן די מיטהילף פונעם קאָמיטעט פון די סאַקאַלאָווער לאַנדסלייט אין ישראל און דער ביישטייער פון די סאַקאַלאָווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע: **חנינא ראָטשטיין** (לאָס־אַנדזשעלעס), **הערש מענדל שיינמאַן** (לאָס־אַנדזשעלעס) און **יעקב פישער** (ניו־יאָרק).

אַ באַזונדערן דאַנק דעם שרייבער **גבריאל וויסמאַן** פאַרן דורכלייענען דעם כתב־יד און זאָרגפעלטיקער קאָרעקטור.

זאָל דאָס בוך זיין אַ זכר נאָך אונזערע נאָענטסטע און טייערסטע, וואָס זענען אומגעקומען מיט מיתות משונות אין סאַקאַלאָווער געטאָ, אין טרעבלינקע, אויף די וועגן און מיר ווייסן נישט ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען.

**דער מחבר**

תל־אביב,

עשרה בטבת, יום הקדיש, תשי״ז.

# דער יודנראַט

די דייטשן זענען אַריין אין שטעטל מיט אַ כוואַליע פון טעראָר. שווערע פיזישע און מאָראַלישע יסורים האָבן זיך גענומען שיטן אויף יידן באַלד פון ערשטן טאָג, ווען זייערע זעלנערישע שטיוול האָבן באַטרעטן די סאָקאָלאָווער גאַסן. מיט שרעק האָבן יידן אַרויסגעשטעלט אַ פּוס אין דרויסן, געציטערט פאַר דער צעבושעוועטער הפקרדיקייט — רויב, אָנפאַלן, כאַפּערייען צו דער אַרבעט און כלערליי דערנידערונגען.

אין אַזאַ אַטמאָספער האָבן די דייטשן שפּעטער נאָמינירט דעם „יודנראַט". אַלס „יודנעלטעסטע" איז באַשטימט געוואָרן דער דעמאָלטדיקער פּרעזעס פון דער יידישער קהילה חיים־יאַנקל שפּאַדעל, וועלכער איז אָבער קורץ נאָך דעם געשטאָרבן. נאָך זיין טויט האָט דער באַקאַנטער פאָלקס־דייטש שולץ געראָטן דער דייטשער מאַכט צו נאָמינירן אַלס פאָרזיצער פון יודנראַט נחום לעווין, וועלכער האָט טאַקע גלייך געקריגן און אָנגעטאָן אַ גרינע לענטע מיטן אויפשריפט „אויבערריודע".

אַלס זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער אין יודנראַט האָט דער פּרעזעס איינגעלאַדן דעם מיל־אייגנטימער אליעזר שאַפּראַן, דעם פעלצן־סוחר טוביה טשיפעלעוויטש, דעם טאַנדייטער ירחמיאל ריבאַק, ווי אויך יצחק שעדלעצקי און יאַנקל זשיטעלני. אַלס סעקרעטאַר פון יודנראַט איז באַשטימט געוואָרן דער בוכהאַלטער יצחק שלאַפּמיץ.

ביים יודנראַט איז באַלד געשאַפן געוואָרן אַן אַרבעטס־רעסאָרט, וואָס האָט אָנגעפירט מיט די צוואַנג־אַרבעטן. בראש פון דאָזיקן רעסאָרט איז געשטעלט געוואָרן קלמן ראָזן („קלין"). ער האָט אָרגאַניזירט אַרבעט־דרוזשינעס, וועלכע מען האָט אַרויסגעשיקט אויף פאַרשידענע פלעצער אין שטאָט און אויסער דער שטאָט. דורך דעם האָט דער יודנראַט באַוויזן טיילווייז אָפּצושטעלן דאָס כסדרדיקע כאַפּן אויף די גאַסן און אַרויסשלעפּן פון די הייזער — אַ מעטאָד, וואָס די דייטשן האָבן פריער כסדר געהאַט אָנגעווענדט. ביי דעם אַרבעטס־רעסאָרט פונעם יודנראַט איז אויך געשאַפן געוואָרן אַן „אָרדנונגס־דינסט", וואָס האָט מאָביליזירט און גערופן די יידן צו אַרבעט. די דאָזיקע אָרדנונגס־דינסט, אָרגאַניזירט דורך יוסף סוקעניק, איז געווען דער קערן פון דער קורץ

נאָך דעם געשאַפענער יידישער פּאָליציי, מיט גראַנאַט־היטלען אויף די קעפּ, בלויע לאַמפּאַסן אויף די אָרעמס און מיט גומי־שטעקלעך אין די הענט.

די הכנסות פון דעם יודנראַט זענען באַשטאַנען פון די שטייערן, וועלכע די יידישע באַפעלקערונג האָט געמוזט צאָלן. אַ באַזונדערער הכנסה־קוואַל פאַרן יודנראַט איז געווען דאָס אויסקויפן זיך פון צוואַנג־אַרבעט. די פרייזן פאַר דעם זענען געווען לויטן איינזען פון די יודנראַטניקעס. זיי פלעגן, נאָכן אָפּנעמען די פאַרהעלטניסמעסיק גרויסע סומעס פון די פאַרמעגלעכע, אויספילן די אַר־בעטס־ליסטעס מיט נעמען פון אַנדערע, וואָס האָבן זיך געמוזט „פאַרקויפן" צו דער אַרבעט. די אָרעמע יידן מיט זייערע משפחות האָט די אַרבעט געראַטעוועט פון הונגער, כאָטש זיי האָבן פאַר דער שווערער אַרבעט באַקומען גראָשנס. אָרעמעלייט און פּליטים פון אַנדערע שטעט, זענען פּאַקטיש באַפרייט געווען פון די שטייערן. זיי זענען דערפאַר געווען די ערשטע צו אַלע צוואַנג־אַרבעטן און ביים געשיקט־ווערן אין די לאַגערן.

די איבעריקע רעסאָרטן ביים יודנראַט זענען געווען: די סאַניטאַר־אָפּטיילונג, אָנגעפירט דורך ד"ר האַלצער; פּאָסט — ר' אהרן־אשר זאַיאָנץ; עווידענץ — דוד ליבערמאַן; אַפּראָוויזאַציע, ווינונג־אָפּטיילונג, קהילה־שטייערן — נחום לעווין.

באַזונדער מוז מען דערמאָנען דעם יידישן קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף אונטער דער אָנפירונג פון פּינטשע ראַפּאַלאָוויטש (לעבט היינט אין ישראל), צו וועלכן עס האָבן אויך געהערט: פייבל זלאָטאָגוויאַזדע, אברהמ'לע אייזענ־בערג, דוד'טשע ראָזנבוים, ברוך־הערש ניידאָרף, הערשל קאָיעט, משה רובינ־שטיין, פּנחס טשאַרניעצקי, מנשה (אַ שוסטער), גרשון־הענעך כהן און י. יאַנקעלעוויטש (די לעצטע צוויי — פּליטים פון קאַליש). די דאָזיקע קערפּער־שאַפט איז געווען די איינציקע, וואָס האָט זיך ממשותדיק פאַרנומען מיט לינדערן, כאָטש טיילוויז, די שווערע נויט פון דער אָרעמער באַפעלקערונג אין געטאָ. איר וויכטיקסטער אויפטו איז געווען די קיך אויפן שול־הויף, וועלכע האָט פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס דאָס געטאָ האָט עקזיסטירט, אַרויסגעגעבן טעגלעך איבער טויזנט פינף הונדערט מיטאָגן ווי אויך פיר הונדערט פרי־שטיק־מאָלצייטן פאַר קינדער אין עלטער ביז 13 יאָר.

עטלעכע מאָל אין דער וואָך האָט דער „אויבעריודע", דער פּרעזעס, זיך געמוזט מעלדן צום־ראַפּאָרט פאַר די דייטשן, אָפּנעמען פון זיי באַפעלן, אינסטרוקציעס און אָפּגעבן באַריכטן פון דער אָפּגעטאָענער אַרבעט פון יודנראַט. פאַר דער אויספירונג פון די באַפעלן איז ער פערזענלעך געווען פאַראַנטוואָרט־לעך. די יידישע באַפעלקערונג האָט געמוזט זיין געהאָרכזאַם און אויספירן אַלע אינסטרוקציעס און באַפעלן פון דער דייטשער מאַכט וואָס זענען פאַר־עפנטלעכט געוואָרן דורכן יודנראַט. אַלע באַפעלן און פאַראָרדענונגען זענען געדרוקט געוואָרן אין צוויי שפּראַכן: דייטש און פּויליש.

# אין געראַנגל
## פאַרן ביסן ברויט

אַנטלויפנדיק פון דייטשישן טעראָר אין מיין געוועזענער סטאַבילער היים־שטאָט לאָדזש, בין איך אין די ערשטע חדשים פון 1940 אָנגעקומען אין שטעטעלע סטערדין, ווו עס האָבן געלעבט מיינע עלטערן. אין אויגוסט 1940 בין איך אַריבער קיין סאָקאָלאָוו. אין דאָזיקן גרעסערן יידישן קיבוץ האָב איך פאָרגעזען מערערע מעגלעכקייטן פון קאָנען זיך אויסלעבן מאַטעריעל ביי מיין פאַך אין דער זאָקן־בראַנזשע.

סאָקאָלאָוו האָב איך געקענט פון מיין פריסטער יוגנט, געהאַט דאָ פיל פריינט און באַקאַנטע. פון פאַר דער קריג האָב איך דאָס שטעטל ליב געהאַט מיט זיין ברויזנדיק יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. פון דעם אַלעם איז שוין קיין זכר נישט געהאַט פאַרבליבן. פון יעדן ייד האָט אַראָפּגעקוקט די חשכות פון דער נייער גרויליקער צייט.

דאָס שטעטל האָט איצט די גאַנצע ענערגיע קאָנצענטרירט אינעם געראַנגל פאַרן טאָג־טעגלעכן לעבן. ס'איז דעמאָלט אין אַ באַגרענעצטער מאָס נאָך אָנגעגאַנגען דער יידישער האַנדל. יידן צוזאַמען מיט פויערים האָבן נאָך אויס־געפילט דעם גרויסן מאַרק, געהאַנדלט צוזאַמען. אין יידישע געוועלבער זענען נאָך געקומען קריסטלעכע קונים, געזוכט דאָ פאַרשידענע אַרטיקלען, כדי אויסצובערענגען די לייכט־פאַרדינטע קריגס־געלטער.

די דייטשן האָבן זייער אויסראָטונג־אַקציע קעגן יידן אָנגעהויבן לויט אַ צוגעגרייטן פּלאַן. אַלע גרעסערע יידישע האַנדלס־אונטערנעמונגען, ווי מילן, די צוקער־פאַבריק, תבואה־שפייכלערס, ספירט־ און טאַבאַק־האַנדל, זענען צוגענומען געוואָרן פון זייערע אייגנטימער. בלויז קליינע יידישע קלייטן האָבן געקאָנט עקזיסטירן. בכלל זענען האַנדלס־דערלויבענישן אַרויסגעגעבן געוואָרן אין אַ באַגרענעצטער צאָל. אויף דעם געביט האָט די פּוילישע שטאָט־אַדמיני־סטראַציע געשטיצט די דייטשן מיט אַלע מיטלען.

דער האַנדל לויט אַ דערלויבעניש פון דער מאַכט האָט אָבער נישט אָנ־געהאַלטן מער ווי פינף וואָכן. אין אַ געוויסן פרימאָרגן זענען דייטשן פאַרפאָרן מיט לאַסט־אויטאָס פאַר די געוועלבער און אַלץ צוגענומען. זיי האָבן זיך מיט

דעם נישט באַגנוגנט; זיי האָבן געצוווּנגען די געוועלבער־אייגנטימער זיי זאָלן אַליין, אויף זייערע פּלייצעס, אַרויסטראָגן די סחורה און פאַרלאָדן זי אויף די לאַסט־אויטאָס.

פון דער צייט אָן איז דער יידישער האַנדל אַראָפּ אין אונטערגרונט. אין אויסטערליש־שווערע אומלעגאַלע באַדינגונגען האָבן יידן פאָרגעזעצט דעם מסחר. די פאַרמלחמהדיקע סחורות זענען אויסבאַהאַלטן געוואָרן אין די פאַר־באָרגנסטע ערטער. די דייטשן האָבן וועגן דעם זיך דערוווּסט דורך מסירה׳ס און זיי האָבן אָנגעהויבן אַ געיעג צו אַנטדעקן די באַהעלטענישן. זעלטן־ווען עס איז זיי אָבער געלונגען אויסצוגעפינען אַזאַ פאַרבאָרגן אָרט מיט סחורות.

אין דעם דאָזיקן אומלעגאַלן מסחר האָבן יידן אַרויסגעוויזן שטאַרקע קאָנספּיראַציע־פעאיקייטן. די ערשטע צייט איז דאָס אָנגעקומען לייכטער. די דייטשן האָבן זיך נאָך נישט געכאַפּט אויף די יידישע איינפאַלן. אין יענע טעג האָבן די דייטשן צוביסלעך נאָכגעלאָזט פון זייער טעראָר און אַרויסגעוויזן מכלומרשט אַ מילדערע באַציאונג.

אין יאָר 1940 האָבן נאָך יידן געקאָנט פאָרן מיט פערד־און־וואָגן פון די קלענערע שטעט און שטעטלעך קיין וואַרשע און שמוגלען אַהין שפּייז־אַרטיקלען. דער האַנדל מיט קאַרטאָפל איז דעמאָלט געווען פריי, אומבאַגרענעצט. אין די קאַרטאָפל־זעק פלעגן יידן אַריבערפירן פאַרשידענע סחורות. איז אָבער אַזאַ ייד אַריינגעפאַלן אין די הענט פון אַ דייטש, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט איבערקויפן, איז געווען ווויי־און־וויינד צו אים. ער פלעגט שפּעטער אַהיים־קומען מיט צעבראָכענע איברים און נישט זעלטן איז ער געבליבן אונטערוועגס אויף אייביק...

ביי וואָס פאַראַ שווערע באַדינגונגען עס פלעגט אויסקומען די יידן צו פאַר־שאַפן זיך לעבנסמיטלען אין יענער צייט, דערמאָנט מיר אָן אייגענע איבערלעבונג בעת אַזאַ איינמאָליקער רייזע קיין וואַרשע און צוריק.

אַ סאָקאָלאָווער פאָליאַק, שולץ, האָט געהאַט אַ לאַסט־אויטאָ, וואָס איז יעדן טאָג געפאָרן קיין וואַרשע. זיין דייטשער נאָמען האָט אים דאָן געגעבן ברייטע מעגלעכקייטן צו ווערן אַ מלחמה־גביר. ער האָט אויך געהאַט דעם מאָנאָפּאָל אויפן הורט־האַנדל מיט ביר און בראָנפן. דער אויטאָ פלעגט פירן זעק מיט קאַרטאָפל און אויך — אומלעגאַלע יידישע פּאַסאַזשירן קיין וואַרשע. פאַרדעקט פון אַלע זייטן, זענען די יידן געלעגן איינגעקורטשעטע מיט זייער שמוגל צווישן די זעק. מיט קלאַפּנדיקע הערצער האָט מען זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

איך האָב געמוזט אָנקומען קיין וואַרשע, כדי צו פאַרשאַפן זיך רוי־שטאָף פאַר מיין אַרבעט. בין איך אויך געפאָרן מיט דעם זעלבן אויטאָ. צען פּאַסאַזשירן זענען מיר געווען — צוויי מענער און אַכט פרויען.

אין אַ פאַרנעפּלטן פרימאָרגן האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט ביים אויטאָ. יעדער

איינער האָט מיטגעבראַכט זיין שמוגל, פאַרבאָרגן אויף פאַרשידענע אופנים.

אַ יונגע פרוי, אַ פּליטה פון קאַליש, איז געקומען אָנגעטון אין אַ ברייטן ווינטער־מאַנטל. זי איז געווען אַ געניטע רייזנדיקע אויף דעם וועג. אין שטעטל האָט מען זי געקענט מיט איר נאַטירלעכער שלאַנקער פיגור. אויפן אויטאָ פלעגט זי יעדעס מאָל זיך באַווייזן מיט אַן אַנדערן „ביוסט". ס'איז קיינעם, אפילו די היימישע מענטשן, נישט איינגעפאַלן, אַז די פרוי פירט הינטער אירע קליידער געגנדזנס צי רינדערנס פאַר אירע קונים אין וואַרשע.

אַ צווייטע איז געקומען מיט אַ גרויסן רוקזאַק אויף די פלייצעס. זי האָט געפירט געשאָכטענע עופות. ווי אַזוי באַהאַלט מען אויס די סחורה פאַר די דייטשן? — צו דעם האָט זי געפונען אַזאַ עצה: יעדע הון האָט זי איינגעוויקלט אין עפּעס אַ שטיקל וועש. אַרום די איינגעפּאַקטע הינער האָט זי אין רוקזאַק אָנגעשטאָפּט ברודיקע וועש; פון אויבן — אַ פּאָר אַלטע שיך, אַ האַנטוך, אַ ציין־בערשטל מיט פּאַסטע. דאָס פּעקל האָט זי געהאַלטן פאַר אַ מזלדיקס. די גאַנצע צייט איז זי קיין איין מאָל נישט „פאַרשיט" געוואָרן. די „זויבערע" דייטשן האָבן זיך געמיאוסט צוצורירן צו אַזעלכע שמוציקע שמאַטעס.

אַ דריטע האָט מיט זיך געפירט אַ גרויסע שיינע וואַליזע מיט טאָפּלע ווענטלעך, צווישן וועלכע עס איז געלעגן פּוטער. אין דער וואַליזקע זענען „פאַרן אויג" געווען אַריינגעלייגט אַ פּאָר קליידלעך, וועש, זאָקן און עסן אויפן וועג. די אייגנטימערין פון דער וואַליזקע איז געווען אַ יונג מיידל אין ספּאָרט־קליידער. זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי זי וואָלט געפאָרן אַהיים. אויך די אַנדערע ווייבער האָבן געשלעפּט קוישן, בלעכן, זעקלעך און פּעקלעך, ווי אַביסל אָרעמקייט פון היימלאָזע.

צווישן די זעק קאַרטאָפל זענען מיר געזעסן פאַרקוועטשט, אַרומגעדעקט פון אַלע זייטן מיט פּלאַנדעקעס. דער אויטאָ איז געפאָרן שנעל, כדי וואָס גיכער איבערצוקומען דעם וועג. הינטער ווענגראָוו האָט מען אונז פאַרהאַלטן צום ערשטן מאָל. די זשאַנדאַרן פון דעם שטעטל האָבן געהאַט אַ פּרייז פאַרן דורכ־לאָזן אַזאַ באַלאָדענעם אויטאָ. מיר זענען געפאָרן ווייטער ביז הינטער מינסק־מאַזאָוויעצק. דאָ האָט די זשאַנדאַרמעריע אונז ווידער פאַרהאַלטן. מען האָט באַלד דערקענט, לויט דעם בייזן רעדן פון די דייטשן, אַז דער צוזאַמענטרעף מיט זיי זאָגט נישט אָן קיין גוטס.

— וואָס פירסטו פאַרשטעקט אין דעם אויטאָ? — האָט איינער פון זיי געפרעגט.

— זעק מיט קאַרטאָפל — האָט שולץ געענטפערט.

אַ זשאַנדאַר האָט זיך אַרויפגעשטעלט אויפן ראַנד און אַריינגעקוקט טיף אין אויטאָ.

— וואָס? עס זינד דאָך דאָרט פאַראַן פיל יודן מיט שאַנד־צייכנס! — האָט ער ווילד געשריגן.

— אַלע אַרונטער! — איז געקומען אַ דונערדיקער באַפעל פון אונטן.
— אַלע צום אונטערזוכן! — באַפעלט דערנאָך דער עלטסטער פון זיי, אַנווייזנדיק, מיר זאָלן גיין אויף דעם וועג פאַר אים.

לענגאויס דעם שטעטל זענען מיר נאָכגעגאַנגען דעם אויטאָ, וואָס איז לאַנגזאַם געפאָרן אויף אַ זייטיק וועגל באַגלייט פון די זשאַנדאַרן. נישט ווייט פון שאָסיי איז געשטאַנען אַ געמויערט הייזל. די דייטשן האָט דאָס געדינט אַלס שפּייכלער פאַר די פאַרכאַפּטע סחורות. דאָרט האָבן מיר שוין געטראָפן אַ פּאָר פאַרהאַלטענע יידישע בעלי־עגלות מיט אָנגעלאָדענע וועגענער.

צוויי פון די זשאַנדאַרן האָבן גענומען נישטערן אין אונזערע באַגאַזשן. דאָס „אויסגעפּילטע" ווייבל, וועלכע איז אין פאַרמאַכטן אויטאָ געזעסן אַ צעשפּיליעטע, כדי די קעלט זאָל צוקומען צום איינגעפּרעסטן פּעטס הינטער אירע קליידער — איז געשטאַנען מיט אַ שמייכעלע פאַר די רעווידירער. זי האָט צעעפנט אַ רייזע־טעשל. אַ האַנטוך, אַ צאָן־בערשטעלע, אַ שטיקל וואַש־זייף האָבן זיך צעקאָלערט אין קליינעם וואַליזקעלע.

דעם צעעפנטן רוקזאַק מיט די הינער האָט אַ זשאַנדאַר אַ קאָפּע־געטאָן, צוברומענדיק: „שמוציקע שייסע".

דאָס מיידל מיט דער טאָפּלטער וואַליזקע, האָט פון איר באַגאַזש אַרויס־גענומען אַ טאָרבע מיט אָנגעשניטן ברויט, זי געהאַלטן פעסט אין די הענט, ס'זאָל הייסן: דער עיקר איז דאָס עסן, דאָס רעשט איז פאַר איר ווייניקער ווערט.

ביי איינער פון די איבעריקע פּרויען האָט אַ זשאַנדאַר געפונען אין אַ קליין קוישל אַביסל אייער. דאָס האָט זי געהאַלטן אָנגעגרייט „אויף הפקר", אָפּצוווענדן די אויפמערקזאַמקייט פונעם שמוגל, וואָס זי האָט געהאַט פאַרבאָרגן ערגעץ אויף אַ זיכער אָרט.

— הער וואַכמאַן, לאָסן זי דאָס ביי מיר, איך דאַרף דאָס פאַר מיין גע־בראָוך — האָט זיך געבעטן די פּרוי.

— אַלעס פאַר דער דויטשער אַרמיי! פאַר יודן איז פאַרבאָטן אייער צו פרעסן, פאַרשטאַנען?!

דאָס ווייבל האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און דערביי אין זינען געהאַט, אַז די פּאָר אייער זאָלן זיין אַן אויסלייזער, אַ כפּרה, פאַרן גאַנצן שמוגל — ביז וואַרשע.

פון דער לאַנגער רעוויזיע זענען אַלע פּרויען אַרויס מיט זייערע פּעק בשלום.

ביי די מענער האָבן די דייטשן מער ווי קליינע געלטער אין די טאַשן גאָרנישט נישט געפונען.

— אַפּלאַדן אַלע זעק! — האָט אַ זשאַנדאַר באַפוילן די מענער.

— דאָס איז דאָך נישט קיין שמוגל. מיין דערלויבעניש גיט מיר דאָס רעכט צו פירן קאַרטאָפל קיין וואַרשע! — האָט זיך שולץ פאַרטיידיקט.

— יאָ, קאַרטאָפל אַליין איז קיין שמוגל, אָבער קאַרטאָפל מיט יודן צו־זאַמען איז נישט זאָ איינפאַך!

נאָך דעם האָט יעדער פון די מענער געמוזט נעמען אויף זיך שווערע, פולע זעק און צוריק אויפלאָדן זיי אויפן אויטאָ. די שווערע מאַסע איז „גרינגער״ געוואָרן אונטער די שמיץ פון דער גומי־נאַגייקע. נאָכן פאַרענדיקן די אַרבעט אין איין אָטעם, האָט מען אונז צוגעפירט צום אויטאָ און יעדן צוגעטיילט נאָך אַביסל שמיץ, אַלס „לוין״.

צעשראָקענע און פאַרמאַטערטע זענען מיר ווייטער געפאָרן אויפן גלאַטן אַספאַלט־שאָסיי פון מינסק קיין וואַרשע. פּלוצלינג — ווידער סטאָפּ! דער אויטאָ איז שטיין געבליבן. מען האָט פון אונטן דערהערט די שפּראַך פון פרישע גומי־שמייסער. דאָס מאָל איז מען אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק. שולץ האָט זיך פריער געהאַט באַזאָרגט מיט אַ צעטל פון דער מינסקער זשאַנדאַרמעריע, אַז מ׳האָט ביי אים צוגענומען די גאַנצע לאָדונג. דאָס האָט אונז געשיצט. אין די מיטאָג־שעה׳ן זענען מיר ענדלעך אָנגעקומען קיין וואַרשע.

אויפן צווייטן טאָג, אין דער אָפּגערעדטער צייט, זענען אַלע געקומען אויפן אָרט, פון וואַנען מ׳האָט געדאַרפט צוריקפאָרן קיין סאָקאָלאָוו. די פריער־געקומענע פּאַסאַזשירן האָבן אַ טייל אונז אויפגענומען מיט געלעכטער. דער שטעפּער מלך פּישער איז אויסגעוואַקסן אין דער ברייט. ער האָט אויף זיך געהאַט טייערע ווייכע לעדער, צוזאַמענגענייט אין פאָרעם פון אונטערוועש. אויף דעם אַלעם האָט ער געטראָגן פאַרגאַרטלט אַ ווינטער־מאַנטל. ווער האָט דאָס געקאָנט איינפאַלן, אַז מלך פּישער האָט אויף זיין לייב אַזאַ טייערע געמזענע לעדער?

די פרעמדע פריש־צוגעקומענע פּאַסאַזשירן האָבן נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס אייניקע לאַכן אָממערסטן פון מיר. זיי האָבן נישט געוווּסט, אַז מיין פיגור האָט זיך משונהדיק פאַרענדערט. דער רוי־שטאָף פאַר מיין אַרבעט איז געווען פון די שטרענגסט־פאַרבאָטענע סחורות, בין איך געווען געצוווּנגען דעם גאַרן צו וויקלען אַרום זיך. איך בין געווען מיט די פּאַסמעס אַרומבאַנדאַזשירט פון האַלז ביז צום קנעכל אין די לאַנגע שטיוול. פון דעם איז מיר צעוואַקסן דער גאַנצער גוף. מיין קערפּער איז געווען צו קורץ פאַר דעם גאַרן, וואָס איך האָב געהאַט. וואָס טוט מען מיט דעם רעשט וואָס איז געבליבן? — כ׳האָב באַשלאָסן צו מאַכן פון אים אַ „הויכע פּלייצע״. די דייטשן האָבן סיי ווי געהאַלטן אַלע יידן פאַר קריפּלען. אַ הויקערדיקער ייד האָט ביי זיי אַרויסגערופן עקל און פאַראַכטונג. איך האָב געוואָלט, אַז זיי זאָלן מיך אונטערוועגס אויסמיידן.

מיר זענען אַרויסגעפאָרן פון וואַרשע. דער אויטאָ איז געווען באַלאָדן מיט קעסטלעך ביר און בראָנפן און מיט די יידישע פּאַסאַזשירן. ביז מינסק זענען

מיר געפֿאָרן אומגעשטערט. אין דעם שטעטל האָט מען אונז ווידער פֿאַרהאַלטן. מיר זענען שטיין־געבליבן אַנטקעגן באַוואָפֿנטע זשאַנדאַרן מיט בייזע בליקן אויף אונז. יעדער האָט געמוזט נעמען זיין פּעקל צו זיך.

דער ערשטער צום רעווידירן איז געווען אַן אומבאַקאַנטער ייד, אָנגעטון אין לייטישע קליידער, מיט אַ פּאָר גלאַנציקע נייע שטיוול, וועלכע די זשאַנדאַרן האָבן גלייך באַמערקט. דער ייד האָט זיך געדאַרפֿט שטעלן אין דער זייט, אויסער דער ריי, אַזוי לאַנג ביז ביי איינעם אין פּעקל האָט זיך באַוויזן אַ פּאָר אַלטע שיך. דער ייד האָט זיך באַלד געמוזט געזעגענען מיט זיינע נייע שטיוול און אָנטון די דאָזיקע פּאָר שיך, וואָס זענען געווען צו קליין אויף זיינע פֿיס. ער איז געבליבן מיט די פּיאַטעס אין דרויסן.

ביי אַן אַנדערן ייד האָבן די דייטשן געפֿונען אין טאַש צוויי פּעקלעך סיגאַרעטן. לויט זייער יושר, איז דאָס געווען צופֿיל פֿאַר איינעם, האָט דער ייד דאָס צווייטע פּעקל געמוזט פֿונאַנדערטיילן צווישן אַלע. יעדער האָט דער־פֿאַר דערנאָך געמוזט העפֿלעך דאַנקען דורך ציען דאָס היטל.

ווען ס׳איז געקומען די ריי אויף מיר ,האָט דער דייטש פֿאַרקריצט די ציינער: פֿאַרשווינד, דו קריפּל! און מיט דער גומי־נאַגייקע האָט ער מיר אָנגעוויזן דעם אויטאָ.

נאָך דער רעוויזיע האָט מען אַלע באַפֿוילן: צוריק אַריין אין אויטאָ. צו־ערשט די פּרויען. ווען די מענער זענען געבליבן אונטן, האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אויף זיי שמיץ פֿון גומי־בייטשן, און ווילדע געשרייען. ביים אַרויפֿדראַפּן זיך אין איילעניש, זענען מיר פּלוצלינג פֿאַרשטייפֿט געוואָרן די פֿיס. פֿון די קניען האָט זיך מיר אַראָפּגעגליטשט דער אַרומגעוויקלטער גאַרן. צו מיין גליק, איז די גרעסטע צאָל שמיץ געפֿאַלן אויף מיין אויסגעבעטן הויקער.

אין סאָקאָלאָוו פֿלעגן די קרובים אָפּוואַרטן די צוריק־געקומענע פֿון וואַרשע. די פֿרייד מיט אַזאַ איינעם איז געווען, ווי ער וואָלט דורכגעמאַכט אַ וועג איבער שטורעמדיקע ימים. די איבער הונדערט קילאָמעטער זענען אין יענער צייט געווען פֿאַר יידן אַן אומענדלעך לאַנגער וועג פֿון פּיין און דערנידערונג. דאָס האָט אָבער נישט אָפּגעשטעלט יידן פֿון צו זוכן אויף דעם דאָזיקן געפֿערלעכן וועג פּרנסה.

כאָטש יידן האָבן זיך נאָך געקאָנט פֿריי באַוועגן במשך דעם גאַנצן יאָר 1940 (נישט מיט דער באַן — דאָס איז געווען שטרענג פֿאַרבאָטן פֿאַר יידן) — איז דער יידישער אָנטייל אין אַלגעמיינעם האַנדל דעמאָלט שוין געווען אַ מינימאַלער. די פּוילישע דאָרפֿישע באַפֿעלקערונג האָט זיך מאַסנווייז געוואָרפֿן אויף דעם שמוגל מיט שפּייז־אַרטיקלען. אויך די פּוילישע שטאָטישע באַ־פֿעלקערונג האָט זיך אַריינגעלאָזט אין דעם אומלעגאַלן האַנדל, וואָס האָט געגעבן גוטע פֿאַרדינסטן. די ניי־אויפֿגעקומענע מלחמה־הענדלער זענען געוואָרן די באַשטימער פֿון די אויפֿגעשרויפֿטע פּרייזן פֿאַר שפּייז־אַרטיקלען.

סוף 1940 איז שוין סאָקאָלאָוו געשטאַנען אונטערן צייכן פון איינפירן דעם וואַרשעווער געטאָ. מיטן אַרומצוימען די וואַרשעווער יידן איז אָוועק־גענומען געוואָרן ביי אַ גרויסן טייל פון דער פּראָווינצער יידישער באַפעלקערונג די מעגלעכקייט פון אומלעגאַלן האַנדל מיט דער הויפּטשטאָט. הונדערטער יידישע פאַמיליעס אין סאָקאָלאָוו האָבן זיך געהאַט אויסגעהאַלטן פון דעם אומלעגאַלן קאָנטאַקט מיט וואַרשע. פאַר די געשמוגלטע שפּייז־אַרטיקלען פלעגן אַריינקומען אין שטעטל פאַרשידענע סחורות פאַר קליינהענדלער און בעלי מלאכות, וואָס האָבן נאָך געהאַט אַן ענגן קאָנטאַקט מיט דער פויערישער באַ־פעלקערונג פון די אַרומיקע דערפער. מיטן איינפירן דעם וואַרשעווער געטאָ האָבן די דייטשן מיט איין קלאַפּ געטראָפן אַלע יידן פון גאַנצן „גענעראַל־גאָווערנעמענט" (פּוילן). צוליב דער שרעק, אַז יעדן שטעטל מיט יידן דער־וואַרט דאָס זעלבע, איז די עקאָנאָמישע צעטרייסלונג געוואָרן אומגעהויער גרויס. דאָס יידישע שטעטל איז אַריין אין אַ נייער שווערער פאַזע אין דעם געראַנגל פאַר איבערלעבן דעם טאָג. די פּרייזן פון פאַרשידענע אינדוסטריעלע אויסאַרבעטונגען זענען מיט איין מאָל גוואַלדיק געשטיגן צוזאַמען מיט די פּרייזן פאַר די דאָרפישע שפּייז־אַרטיקלען. די מלחמה־שפּעקולאַציע האָט זיך צעבליט. סחורות זענען דערגאַנגען ביז צו די פאַנטאַסטישע פּרייזן. דער, וואָס האָט נאָך פאַרמאָגט אַביסל באַהאַלטענע סחורה, האָט ווי עס איז, זיך געקאָנט אַן עצה געבן אין דער ניי־געשאַפענער לאַגע, אָבער די מאַסע, דער גרעסטער טייל געוועזענע קרעמער און בעלי מלאכות, האָט דערפילט דעם קריזיס מיט אַלע זיינע ביטערע פאָלגן. ס'האָבן גענומען אויספעלן אַרטיקלען פון ערשטן געברויך.

די קויף־קראַפט פון דער פּוילישער באַפעלקערונג איז געוואָרן גרויס, צוליב די אָנגעזאַמלטע מלחמה־געלטער — האָט זי נאָכגעזוכט פאַרשידענע סחורות ביי יידן. די פאַרבינדונג מיטן דאָרף איז דעמאָלט נאָך געווען כמעט ווי אומ־געשטערט, האָבן יידן געלינדערט זייער נויט דורך עקאָנאָמישע באַציאונגען מיט דער דאָרפישער באַפעלקערונג.

נאָכן אַנטשטיין פון וואַרשעווער געטאָ, איז די דייטשן נאָך נישט געלונגען אין גאַנצן איינצוברעכן די עקאָנאָמישע פאַרבינדונגען פון די יידן. אין דער ניי־געשאַפענער לאַגע זענען אויפגעקומען נייע מיטלען און אומוועגן, דורך וועלכע ס'איז ווייטער אָנגעגאַנגען דער אומלעגאַלער האַנדל. אַזוי אַרום האָבן די יידן אין די שטעטלעך דערוויי‌ל נאָך אויסגעמיטן אַן אַלגעמיינעם הונגער.

## 22-טער יוני, 1941

אָנהייב 1941 האָט דער קרייז־האופּטמאַן, גראַמס, אַרויסגעגעבן אַ פאַר־אָרדענונג, אַז די שטאָטישע יידן איז שטרענג פאַרבאָטן צו קומען אין די דאָרפישע געביטן, וואָס זענען באַזעצט דורכן דייטשן מיליטער. אין סאָקאָלאָוו, נאָענט פון דער גרענעץ, מיט די צענטליקער דערפערביים טייך בוג, זענען געווען פיל דייטשע גאַרניזאָנען. די דאָזיקע גזירה האָט דעריבער שטאַרק געטראָפן די יידישע דאָרפסגייער, וואָס זענען אין יענער צייט געווען אין אַ גרויסער צאָל. יידן זענען אַרומגעגאַנגען צווישן די פּויערים מיט קוישלעך גאַלאַנטעריע־זאַכן און באַקומען דערפאַר שפּייז. מען האָט פאַרשטאַנען, אַז די פאַראָרדענונג האָט אַ שייכות מיט די מיליטערישע צוגרייטונגען ביי דער גרענעץ. בלויז די שטענדיקע יידישע דאָרפס־איינוווינער האָבן געקאָנט בלייבן אויף זייערע ערטער.

אין פרילינג פון זעלבן יאָר זענען געווען צו באַמערקן גרויסע טראַנס־פּאָרטן מיליטער, וואָס זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג פון בוג. די ערשטע צייט האָבן די דייטשן באַוווסטזיניק דעזאָריענטירט די גרענעץ־באַפעלקערונג דערמיט, וואָס זיי פלעגן אָפט פירן מיליטערישע טראַנספּאָרטן אַהין און צוריק — צו און פון דער גרענעץ. דאָס האָט אַרויסגערופן דעם איינדרוק, אַז ס'קומט בלויז פאָר אַן אָפּטער אויסטויש פון די מיליטערישע כוחות ביים בוג. גאַנץ שנעל האָט מען זיך אָבער געקאָנט כאַפּן, אַז די דייטשן ווילן אָפּנאַרן די גרענעץ־איינוווינער. אין די פינצטערע נעכט פלעגן פיל פאַנצער־קאָלאָנעס גיין דורך סאָקאָלאָוו אין דער ריכטונג צום בוג. נישט איין מאָל האָבן מיר אין דער פרי, נאָך אַזעלכע נעכט, געפונען גאַנצע טיילן גאַסן (פּיעראַצקי און ראַגאָווסקע) מיט לויז־געוואָרענע ברוק־שטיינער, וואָס זענען אַרויסגעריסן געוואָרן דורך די שווערע טאַנקען. דער גערויש פון אַלע מינים פאַנצער־אַרטילעריע האָט געמאַכט ציטערן די הייזער.

אַזוי האָט געדויערט וואָכנלאַנג, ביז די געהיימע מיליטערישע טראַנספּאָרטן האָבן מיט איין מאָל אויפגעהערט זיך צו באַהאַלטן אין דער נאַכט־פינצטערניש. אויך אין די טעג האָט מען שוין אָנגעהויבן זען מאַרשירן שעה'ן־לאַנג מילי־טערישע אָפּטיילונגען פון פאַרשידענע פאָרמאַציעס. די פאַנצער־איינהייטן פלעגט מען ווייטער הערן נאָר אין די נעכט.

די באַפעלקערונג פון דער גאַנצער געגנט האָט דערפילט, אַז עס גרייט זיך אַ קריג קעגן די סאָוויעטן. פון די אַלע הכנות, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אין געהיים, איז געווען לייכט צו פאַרשטיין, אַז דאָס וועט זיין אַ פלוצלינגדיקער אָנפאַל. שפּעטער האָט מען שוין אויך געזען גרויסע און קלענערע טראַנספּאָרטן מיט שיפלעך פאַר פּאָנטאָן־בריקן. פון דעם האָט מען פאַרשטאַנען, אַז דער טאָג פון אָנפאַל דערנענטערט זיך. ס'איז אויך באַוווסט געוואָרן, אַז אין סאָקאָלאָוו ווערט אויף־שנעל צוגעגרייט אַ גרויסער מיליטערישער שפּיטאָל — אין גימנאַזיע־בנין. אויף אַלע מיליטערישע אויטאָס און טאַקסיס האָט מען פּלוצ־לינג דערזען פון פאָרנט בינטלעך רונד־פּאַרראַלטע קורצע דרענגלעך, וואָס זענען באַשטימט פאַר אַ נסיעה אין בלאָטיקע געגנטן. אויך דער אויסגעפּאַרטיק־טער פּלי־פּלאַץ, הינטער סאָקאָלאָוו, איז געווען אַן אָנזאָג פאַר די קומענדיקע געשעענישן.

אָנהייב יוני 1941 איז די שטימונג אין שטאָט געוואָרן געשפּאַנט. ס'איז שוין פאַר יעדן איינעם קלאָר געווען, אַז דער קריגס־אויסברוך ביים בוג, איז אַ פראַגע בלויז פון געציילטע טעג. יידן האָבן פּרובירט אָפּשאַצן די מיליטערישע כוחות פון ביידע שטאַרקע אַרמייען. ס'האָבן זיך געהערט קעגנזעצלעכע מיינונ־גען פון „מיליטערישע זאַכקענער". אינסטינקטיוו האָט, פאַרשטייט זיך, יעדער ייד געוואָלט, אַז די סאָוויעטן זאָלן זיגן. מיט די אָנקומענדיקע געשעענישן האָבן יידן פאַרבונדן זייער האָפענונג אויף דערלייזונג, כאָטש מען האָט פאַר־שטאַנען, אַז דער אָנהייב קריג קאָן פאַר דער גרענעץ־באַפעלקערונג זיין אַ בלוטיקער. אין געדאַנק איז יעדער געווען גרייט צו דעם ערגסטן מאָמענט.

אין מיטן יוני האָט די דייטשע מיליטער־מאַכט אין שטאָט פאַראָרדנט, מען זאָל צוגרייטן לופט־שוץ־גרובנס. די ערד אַרום די הייזער איז צעגראָבן געוואָרן אין שמאָלע זיגזאַגישע ראָוועס. מלבושים און ווערט־זאַכן האָט מען באַהאַלטן אין דער ערד. מען האָט איינגעפּאַקט רוקזעק מיט די נויטיקסטע זאַכן, גרייט צו לויפן. וווּהין ? —

שבת, דעם 21טן יוני, האָט מען אויפן בנין פון מיליטערישן שפּיטאָל דערזען אַ גרויסן צייכן פון רויטן קרייץ. אויפן פּלי־פּלאַץ הינטער דער שטאָט זענען אָנגעקומען שווערע באָמבאַרדיר־עראָפּלאַנען. מיליטערישע לאַסט־אויטאָס האָבן אָן אַן אויפהער געפירט פון געהיימע לאַגערן אַמוניציע צו דער גרענעץ. דער קרייז־האופטמאַן האָט צוגעשיקט פאַר די יידן פּעק מיט באַנדאַזשן צוזאַמען מיט אַ באַפעל נישט צו רירן זיך פון די ערטער, נישט אַרויסצורופן קיין פּאַניק־שטימונג.

די נאַכט פון 22טן יוני איז פאַר סאָקאָלאָווער יידן געווען אַ וואַך־נאַכט. מיר האָבן שוין געוווסט, אַז בלויז געציילטע שעה'ן טיילן אונז אָפּ פון די אָנקומענדיקע געשעענישן. אונזערע הערצער און געדאַנקען זענען דעמאָלט געווען מיט די שכנותדיקע סאָוויעטן אויף דער אַנדערער זייט בוג. יידישע ליפּן

האָבן תפילה־געטאָן, אַז די היטלעריסטישע בעסטיע זאָל צעשמעטערט ווערן דורך דער רויטער אַרמיי.

ווי נאָר ס׳איז טאָג געוואָרן האָבן אַלע פּלוצלינג דערהערט אַ געדיכטע קאַנאָנאַדע פון אַרטילעריע־שאָסן. די רואיקע אומגעגנט לענגאויס דער גרענעץ איז אויפגעציטערט געוואָרן פון די הילכיקע אויפרייסן. פון מערב זענען מיט אַ פאַרטויבנדיקן גערויש אָנגעקומען פיל עסקאַדרעס באָמבאַרדירעראָפּלאַנען. גלייך נאָך דעם איז די לופט אויפגעטרייסלט געוואָרן פון די שווערע באָמבן־אויפרייסן. פון שטעט און דערפער פון דער אַנדערער זייט בוג זענען אויפגעגאַנגען רויך־וואָלקנס. שעה׳ן־לאַנג האָט מען זיך צוגעהערט צו די אויפרייסן און געקוקט אין טיפן האָריזאָנט אויף מזרח; מען האָט געוואַרט מיט שפּאַנונג אויף דעם וואָס ס׳וועט ווייטער געשען. ערשט אין די פאַרמיטאָגשעה׳ן האָבן טויבע אָפּהילכן פון אַרטילעריע־שאָסן אָנגעזאָגט, אַז דער קריג טראָגט זיך איבער ווייטער אויף מזרח־זייט.

אין דעם זעלבן טאָג האָט מען שוין געזען פירן דורך דעם ריפּקער שאָסיי מחנות סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע. די טראַנספּאָרטן זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג צו שעדלעץ. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז אין דאָרף סוכאָזשעברע איז שוין פון פריער געווען גרייט אַ מיט דראָטפאַרצוימטער גרויסער שטח — אַלס לאַגער פאַר די קריגס־געפאַנגענע.

דורך סאָקאָלאָוו זענען דורכגעגאַנגען לאַנגע רייען פון מידע, מאַכטלאָזע געפאַנגענע, געטריבן פון אַ ווייטן וועג אין מזרח צו די סוכאָזשעברער לאַגערן. אין יענע טעג זענען געווען פיל פאַלן פון אויסדרוקן די סאָלידאַריטעט־געפילן מצד דער יידישער באַפעלקערונג פאַר די סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע. מען פלעגט שוין פון דער ווייטנס דערזען פונוואַנען די געפאַנגענע קומען אָן און יידן האָבן אויף די גאַסן צעוואָרפן שטיקער ברויט. די געפאַנגענע האָבן זיי שפּעטער, בעת זייער פאַרבייגיין, אויפגעהויבן. דאָס האָט זיך איבערגעחזרט אַזוי לאַנג, ביז די דייטשן האָבן עס באַמערקט. נאָך דעם האָבן שוין באַוואָפנטע פאַטראָלן געלויערט אויף די ברויט־אונטערוואַרפערס, איידער די מחנות קריגס־געפאַנגענע האָבן זיך דערנענטערט. אַ וואָך נאָכן קריגס־אויסברוך, ווען דער פראָנט האָט זיך איבערגעטראָגן טיפער אין מזרח, האָט דער סאָקאָלאָווער קרייזהאופּטמאַן, גראַמס, אַרויסגעלאָזט אַזאַ אויפרוף צו דער ציווילער באַפעלקערונג:

„די איינוווינער פון סאָקאָלאָוו און אומגעגנט ווערן אויפגעפאָדערט תיכף צוצוטרעטן צו זייער נאָרמאַלער טאָג־טעגלעכער באַשעפטיקונג. די זיגרייכע דייטשע אַרמיי האָט פאַרטריבן דעם פיינט, וואָס איז געשטאַנען ביי די גרענעצן פון אונזער שטאָט. די דייטשע העלדן־אַרמיי איז אַריין אין דער טיף פון רוסלאַנד. די גרענעצן פון גרויס־דויטשלאַנד זענען פאַרברייטערט געוואָרן אויף מזרח — פאַרן וווּל פון אַלע פעלקער פון נײַ־אייראָפּע“.

## אין געטאָ אריין

דער דייטשער פאַראויסמאַרש אויף מזרח האָט דערשיטערט די יידן און אַ סוף געמאַכט צו דער האָפענונג אויף אַ נאָענטער באַפרייאונג. אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער קריג גייט אַריין אין אַ לאַנגער פאַזע פון גרויסע אַנט־וויקלונגען. אונטערן איינדרוק פון די בליץ־שנעלע געשעענישן, האָט די יידן באַהערשט אַ געפיל פון פאַרלוירנקייט און פאַרצווייפלונג: ווי וועט מעגלעך זיין צו לעבן אַ לענגערע צייט אונטער דעם דייטשן דערדריקונגס־רעזשים? — מען האָט פאַרויסגעפילט, אַז דער זיגערישער היטלעריזם וועט ווערן נאָך מער ברוטאַלער צו אונז יידן. דאָס איינפירן דעם וואַרשעווער געטאָ האָט שפּעטער באַרעכטיקט די דאָזיקע געפילן.

עס זענען געקומען נייע שווערע טאָג־טעגלעכע זאָרגן און איבערלעבענישן. דער נייער גרויסער אַרבעטס־פּלאַץ — דער סאָקאָלאָווער מיליטערישער שפּיטאָל, וואָס איז אָנגעפילט געוואָרן מיט פון פראָנט געבראַכטע פאַרוואונדעטע דייטשן — האָט פאַרלאַנגט אַרבעטס־כוחות. דער יודנראַט איז אויפגעפאָדערט געוואָרן צוצושטעלן יידישע מענער און פרויען צו פאַרשידענע אַרבעטן. די צאָל פון ביי די דייטשן באַשעפטיקטע יידן איז כסדר געשטיגן.

מיטן אַוועקגיין פון דייטשן מיליטער פון דער גרענעץ, איז די לאַגע אין שטאָט געוואָרן לייכטער אין אַ געוויסער מאָס. די באַוועגונג אויף די וועגן און דער צוקום צו די דערפער זענען פרייער געוואָרן. אַ געוויסע צייט האָט דאָס געהאַט אַ פּאָזיטיווע עקאָנאָמישע אויסווירקונג אויף דער יידישער באַפעלקערונג. דער פאַרשטאַרקטער ווידערשטאַנד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מצד די סאָוויעטן און דאָס טיילווייזע האַמעווען דעם דייטשן בליץ־אָנגריף, האָבן אויך אַביסל באַרואיקט דאָס צעשלאָגענע געמיט און די מורא פאַר דער דייטשער „אומבאַ־זיגבאַרקייט". די פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן פון מזרח־פראָנט זענען געקומען דערשלאָגענע, אַנטוישטע, פון זייער האָפענונג צו זיין אין פיר וואָכן אַרום אין מאָסקווע. נאָך אַ קורצער צייט איז דער גרויסער שפּיטאָל איבערפילט געוואָרן מיט צעהאַקטע קערפּערס פון היטלער־סאָלדאַטן. ליגנדיק אין פיבער און שטאַרקע ווייטיקן, האָבן זיי אויסגעפּלאַפּלט אַלץ, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט אין די שווערע קאַמפן. די יידישע באַדינער פון די פאַרוואונדעטע פלעגן אונטער־הערן און אויפכאַפּן זייערע שמועסן וואָס האָבן דערציילט וועגן זייער איבעררא־

שונג פונעם אומדערוואַרטעטן פאַרביסענעם ווידערשטאַנד פון די רויט־אַרמייער אויפן שלאַכט־פעלד.

די דערציילונגען פון די יידישע שפּיטאָל־באַדינער זענען איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל. זיי האָבן געמוטיקט און געשטאַרקט די פאַרצווייפלטע יידן. יעדער טאָג האָט געבראַנגט נייע באַריכטן, ידיעות וועגן דער לאַגע אויפן פראָנט און אפילו וועגן פאַרלויף פון די קאַמפן.

אין יולי 1941 האָבן מיטאַמאָל אָנגעהויבן זיך פונאַנדערטראָגן קלאַנגען, אַז די דייטשע שטאַט־אַדמיניסטראַציע גרייט זיך בקרוב איינצופירן אין סאָקאָ־לאָוו אַ געטאָ פאַר די יידן. די דאָזיקע קלאַנגען האָבן אַרויסגערופן אַ גרויס צערודערונג. פאַרמעגלעכע יידן האָבן גענומען איינקויפן און צוגרייטן זיך שפּייז. אויך די קריסטן האָבן אָנגעהויבן ליקווידירן זייערע געשעפטלעכע פאַרבינדונגען מיט די יידן. מאַסן יידן האָבן זיך אָנגעהויבן באַמיען וועגן קריגן אַרבעט אין מיליטערישע אַרבעטס־פּלעצער, בכדי צו קאָנען האָבן אַ קאָנטאַקט מיט מענטשן און ערטער אויסערן געטאָ־געביט.

די צערודערונג האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. דער קרייז־האופּטמאַן, איז מען געוויר געוואָרן, האָט זיך צייטווייליק געלאָזט איבערקויפן און אָפּגעלייגט די גזירה. די שפּאַנונג האָט נאָכגעלאָזט.

עס זענען פאַריבער בלויז געציילטע וואָכן און ווידער האָט מען אָנגעהויבן רעדן — דאָס מאָל גאַנץ ערנסט — וועגן אַ געטאָ. פון שעדלעץ זענען דערגאַנגען באַאומרואיקנדיקע ידיעות, אַז עס קומט פאָר אַן „איבערשיכטונג" פון די דאָרטיקע יידן. זיי ווערן קאָנצענטרירט אין די ריין־יידישע גאַסן. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין שעדלעץ ווערט ווירקלעך איינגעפירט אַ געטאָ. פיל שעדלעצער יידן, וועלכע האָבן געהאַט קרובים און פריינט אין סאָקאָלאָוו, זענען געקומען זיך באַזעצן ביי אונז אין שטאָט, וואָס האָט געשמ'ט מיט דער „מילדערער" באַציאונג פון די דייטשן צו די יידן.

נאָכן איינפירן דאָס געטאָ אין שעדלעץ זענען אונזערע עקאָנאָמישע באַ־ציאונגען מיט די דאָרטיקע יידן איבערגעריסן געוואָרן. דאָס האָט פאַטאַל געווירקט אויף די סאָקאָלאָווער יידן. קודם־כל, אויף די פיל בעלי־עגלות און סוחרים, וועלכע האָבן דורך דעם שעדלעצער וועג אַרויסבאַקומען סחורות פון וואַרשעווער געטאָ. חוץ דעם, האָבן סאָקאָלאָווער יידן איצט אָנגעהויבן צו פאַר־שטיין, אַז די געטאָ־געפאַר דערנענטערט זיך שנעל אויך צו זיי.

אָנהייב אויגוסט האָט דער פּרעזעס פון יודנראַט, נחום לעווין, געלאָזט וויסן, אַז די לאַגע האָט זיך פאַרערגערט: גראַמס איז געוואָרן פאַרעקשנט און אַ געטאָ אין סאָקאָלאָוו קאָן ווערן אַ פאַקט, אויב מ'וועט ווידער נישט איבער־קויפן די דייטשע מאַכט און דאָס מאָל מיט אַ נאָך גרעסערער געלט־סומע. דער פּרעזעס האָט אַפּעלירט צו אַלע יידן, זיי זאָלן נישט קאַרגן קיין געלט פאַר דעם רעטונגס־צוועק. דער יודנראַט האָט דעמאָלט אויסגעמאָסטן יעדן

גאַנג און אָנגעווין מיטן פינגער אויף דער וואַנט, ווי אַזוי אויסצושטעלן די קאַסטנס. זי איז גיך פאַרשוווּנדן.

מיט געליימטע הענט און פאַרשטומטע פון צער האָבן מיר אָנגעהויבן אונזער אַרבעט. אויפן האַרצן איז געווען אַזוי שווער. מיר האָבן געוואָלט וואָס גיכער אַרויסקומען פון דעם קעלער.

אין מיטן דער אַרבעט האָט ישראל געעפנט אַ קעסטל, אַרויסגעצויגן אַ פלאַש בראָנפן און אָן אַרויסצורעדן אַ וואָרט האָט ער אַרויסגעקלאַפּט דעם קאָרק און גענומען ציען פון פלעשל די ביטערע משקה גלייך אין האַלדז אַריין, ווי אַ שיכור. דער בראָנפן איז זיך אין אים צעגאַנגען און צערודערט זיינע צעווייטיקטע גלידער. ישראל האָט איבערגעריסן זיין מעלאַנכאָליש שווייגן:

— ווען איך קאָן זיין אַ בראָדיאַגע, אַ שיכור, אָן אויסגעשפּיגענער, וואָס וואַלגערט זיך אין אַלע רינשטאָקן, אויסמישן זיך מיטן גאַסן־אָפּפאַל; כאָטש אַ בראָדיאַגע, אָבער אַ פרייער, נישט געיאָגט צו ווערן ווי אַ משוגענער הונט, נישט געטרעטן צו ווערן ווי אַ שפּין אונטער די פיס.

ישראל האָט מיך אַרומגענומען, געהאַלדזט און אַריינגערעדט אין מיר:

— ווי גוט עס איז איצט אַזאַ ביסל בראָנפן. מ'פאַרגעסט אין אַלץ, אין אַלץ. טרינק אויך, טרינק. נאָך אַ ביסל, נאָך אַ ביסל. לאָמיר אויסליידיקן די פלאַש ביז צום לעצטן טראָפּן. טרינק, דאָס מאַכט פאַרגעסן. גיב נאָך אַ זופּ.

וואַקלנדיקע האָבן מיר ביידע זיך געטיילט מיט דער פלאַש, וואָס איז געגאַנגען פון מויל צו מויל.

דער קעלער האָט זיך אָנגעהויבן דרייען פאַר די אויגן. די פּאָדלאָגע האָט זיך אָפּערגעגליטשט פון אונטער אונזערע פיס. מיר זענען געפאַלן אויף די פּעק וועש און בעטגעוואַנט. ישראל האָט גענומען וויינען און שרייען:

— קום פון דאַנען אַרויס שנעל! איך וויל דאָ נישט זיין! דאָ ליגן מלבושים פון מיין מאַמען, פון מיין טאַטן. קום אַרויס!

ישראלס געשרייען האָט דערהערט די דייטשקע. זי איז אַראָפּגעקומען אַ צעקאָכטע.

— וואָס איז דער טומל?

— מיין מאַמעס העמדער אין די פּעק! קום פון דאַנען! — ישראל האָט מיך געשלעפּט אַ וואַקלנדיקער פון קעלער אַרויס.

די דייטשקע איז שטיין געבליבן אַ צעטומלטע און נאָכגעקוקט ווי מיר ביידע גייען אַרויס פון קעלער אָנגעשפּאַרט איינער אָן צווייטן. אין דרויסן האָב איך ישראלן מיטגעהאָלפן וויינען: „מיין מאַמעס העמדער".

פון הינטער די דראָטן האָבן אונז באַמערקט די לאַגער־יידן. זיי האָבן אונז שנעל אַריינגעפירט אין פאַרצוימטן הייזל. דאָרט זענען מיר ביידע געבליבן ליגן אויף די הילצערנע פּריטשעס, געשאָלטן בריינגגן מיט זיין ווייב, גע־שאָלטן די גאַנצע וועלט.

ווען מיר זענען צו זיך געקומען, איז אַלץ אַרום אונז נאָך מער ניכטער געוואָרן, עס האָט געווייעט מיט אַ וויסטער פוסטקייט. דאָס אַנטקעגנאיבערדיקע הויז פון די ברינינגס איז פאַר אונז געוואָרן אַ שרעק־אָרט, אַ שדים־נעסט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט דער לאַגער־פירער געמאַכט אַן אַפּעל פון אַלע יידן. אַנטקעגנאיבער איז ברינינג געשטאַנען אויף זיין באַלקאָן מיט אַ פאָטאָגראַפיר־אַפּאַראַט אָנגעשטעלט אויף אונז. די מערדער זענען געקומען אונז אַוועקפירן קיין טרעבלינקע און זיי האָבן מיטגענומען מיט זיך אַ פאָטאָגראַפיע פון די געפירטע צום טויט...

## לאָלעק

אויף פילסודסקי־גאַס, לעבן אַרבעטס־אַמט, האָט זיך געפונען די קאָמענדאַנטור פון דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע. דאָ איז געווען דער צענטראַלער שטאַב פון אַלע פּאָליצייאישע אָפּטיילונגען אין דער גאַנצער אומגעגנט.

די זשאַנדאַרמעריע איז געווען אומבאַגרענעצט אין איר מאַכט אויספירנדיק די געזעצן און באַפעלן פון די אָנפירנדיקע מאַכט־אָרגאַנען. יעדע פאַראָרדענונג, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון די זשאַנדאַרן — איז אויסגעפירט געוואָרן מיט פייער און בלוט. אויב אין באַצוג צו דער פוילישער באַפעלקערונג האָבן די זשאַנדאַרן אָנגעווענדעט אין אַ געוויסער מאָס זייערע רעכט לויט די אָקופּאַציע־געזעצן, איז זייער באַציאונג צו יידן שוין אין גאַנצן געשטאַנען אויסערן געזעץ. אין די הענט פון דער זשאַנדאַרמעריע איז דאָס לעבן פון יידן געווען פולשטענדיק הפקר.

די סאָקאָלאָווער זשאַנדאַרמעריע, וואָס איז געווען טרויעריק־באַרימט אין דער גאַנצער אומגעגנט, האָט אויסגעטיילט אַן אָפּטיילונג, וועלכע האָט זיך באַזונדערס פאַרנומען מיט די יידן אין געטאָ. אין שפּיץ פון דער זשאַנדאַרמעריע, וואָס האָט געהאַלטן אויפן אויג די גאַנצע גרענעץ־ליניע אַרום געטאָ, איז געשטאַנען אַ באַוווסטער יידן־מערדער, דער זשאַנדאַר לאָלעק.

זיין ריכטיקער נאָמען איז פאַר יידן געווען אומבאַקאַנט. געוווסט האָט מען, אַז ער שטאַמט פון נידערשלעזיע, ער געהערט צו די פאָליאַקן, וועלכע האָבן זיך ביי דער דייטשער הערשאַפט אָנגעגעבן אַלס פאָלקס־דייטשן.

פון וואַנען האָט זיך גענומען זיין נאָמען „לאָלעק“? די געשיכטע איז אַזעלכע: בעת זיין אָנקומען קיין סאָקאָלאָוו אַלס זשאַנדאַר, האָט ער זיך באַקענט מיט אַ פּויליש מיידל מיטן נאָמען לאָלאַ. ביי איר אין שטוב פלעגט ער זיין אַן אָפטער גאַסט. לאָלאַן האָבן אָנגעהויבן באַזוכן נאָך אַנדערע דייטשן. איין מאָל, ווען ער האָט זיך צופעליק צוזאַמענגעטראָפן ביי איר אין שטוב מיט איינעם פון אירע איבעריקע געסט, האָט ער זי פון כעס דערשאָסן. פון דעמאָלט אָן האָט מען אים גערופן „לאָלעק“. דאָס איז געווען זיין ערשט בלוטיק שטיקל אַרבעט אין סאָקאָלאָוו.

לאַלעק איז געווען אַ הויכער פעסט־געבויטער, בלאָנדער יונג, מיט אַ רויט־בלוטיק פּנים. פלינק ווי אַ קאַץ — אין גיך נאָך פאַרפאָלגטע. דערשיסן אַ ייִד איז בײַ אים געווען איינס פון די לײַכטסטע זאַכן. ער האָט ליב געהאַט יעדעס מאָל אונטערצוטראָגן זײַנע מושלים אַ דערמאָרדעטן אָדער געפאַנגענעם ייִד. ווי אַ ווילדע חיה אין איר רויב, האָט ער געלויערט אויף ייִדן, וואָס האָבן זיך אין געהיים אַרויסגעקריגן דורך מאַסקירטע לעכער פון געטאָ, כּדי זיך צו פאַרשאַפן אַ ביסן ברויט.

די רשימה פון לאַלעקס קרבנות איז אַ לאַנגע. איך וועל דערמאָנען בלויז עטלעכע פון זיי:

אַ קאַלישער פּליט, מאיר ליכטענבערג, האָט געוווינט אין געטאָ בײַ דער גרענעץ לעבן „זדראַי". דער הונגער, וואָס האָט געפּייניקט זײַן ווײַב און קינדער, האָט אים געטריבן פון געטאָ אַרויס. יעדעס מאָל, ווען ער איז אַרויס דורכן געהיימען לאָך, האָט ער געבעטן בײַ גאָט, ער זאָל זיך נישט אָנטרעפן אויף לאַלעקס אויגן. ביז איין מאָל, אין אַ שנייאיקן טאָג, איז לאַלעק געפאַלן אויף זײַנע שפּורן... ווען דער ייִד האָט אין שוין פון דער נאַכטיקער טונקלקייט זיך געוואָלט אַרײַנבאַקומען צוריק אין געטאָ דורך דעם לאָך, זענען אויף אים געפאַלן אַ פּאָר ביקסן־שאָסן. ליכטענבערג איז געפאַלן טויט. לאַלעק האָט אויף זײַן קרבן אָנגעטשעפּעט אַ צעטעלע, געשריבן מיט האַנטשריפט: „דער אַרויס־גאַנג פון געטאָ — פאַרשטאָפּט"...

אין אַלטן בית־המדרש האָבן געלעבט פּליטים. דערלעבן, אין אַ פאַרבאָרגן אָרט, איז אויך געווען אַ מאַסקירטער אַרויסגאַנג פון געטאָ. ס'פלעגן זיך אַרויסקריגן דורך דעם אָרט אַ פּאָר ייִדישע פרויען, איבערגעטון פאַר דאָרפישע פויערטעס. זיי האָבן מיטגענומען מיט זיך אַביסל סחורה אין די דערפער און דאָרט האָבן זיי דערפאַר באַקומען שפּייז־פּראָדוקטן.

איין מאָל איז לאַלעק אָנגעקומען אַ רייטנדיקער אויף זײַן פערד און באַ־מערקט אויפן וועג אין דאָרף אַריין צוויי פרויען, וואָס האָבן אים אויסגעזען פאַרדעכטיק. ער האָט פאַרלאַנגט דאָקומענטן.

ביידע פרויען, וואָס האָבן גוט געקענט לאַלעקן, האָבן זיך צעוויינט, געבעטן רחמים בײַם מערדער. איין פרוי איז געווען אין די העכערע חדשים. דער זשאַנ־דאַר איז שנעל אַראָפּ פון פערד, געבליבן שטיין אַנטקעגן דער פרוי, מיטן צעעפנטן מאַנטל, וואָס האָט זיך באַוויזן פאַר אים אַ שוואַנגערדיקע. אַזוי איינקוקנדיק זיך אין איר, האָט לאַלעק אַרײַנגעשאָסן אין איר בויך אַ סעריע קוילן פון זײַן אויטאָמאַטישן רעוואָלווער. פאַליאַקן, וואָס זענען פאַרבײַגעגאַנגען אויף דעם וועג האָבן דערציילט, אַז די צווייטע ייִדישע פרוי האָט זיך געוואָרפן אויפן מערדער מיט אַ שטיין.

אין אַ ראָוו בײַ דער זײַט פון ריפקער שאָסיי געפינט זיך זייער ביידנס קבר.

אויפן קליינעם מאַרק האָט אין אַ קעלער געוווינט אַ שוסטער. ער איז געווען פון די דרייסטע גייערס פון געטאָ אין די דערפער אויפן קאָסאָווער וועג. דאָרט פלעגט ער זיין טעג און נעכט ביי באַקאַנטע פויערים. פאַרזאָרגט מיט אַרבעט און שפייז פלעגט ער זיך לאָזן צוריק אין געטאָ אַריין מיט זיין שמוגל.

נאָך פאַר דער קריג האָט מען צווישן די פויערים גוט געקענט דעם דאָזיקן יידישן שוסטער, וואָס פלעגט קומען אין די דערפער, באַהאַנגען מיט די באַ־שטעלטע שטיוול. יאָרנלאַנג האָט ער געהאַנדלט מיט די פויערים און איז געווען פאַרהיימישט מיט זיי. אין דער צייט פון געטאָ, ווען דער הונגער האָט זיך באַוויזן אין זיין קעלער־שטוב, האָט ער זיך דערמאָנט אין זיינע באַקאַנטע פויערים; ער האָט געגלויבט, אַז זיי וועלן אויף אים רחמנות האָבן און אים מיט עפּעס העלפן.

דעם שוסטער האָט דאָס מזל באַגלייט אויף די געפערלעכסטע וועגן. אין די דערפער צווישן זיינע היימישע פויערים האָט ער דערוועקט צו זיך מיטלייד.

דורך אַ מסירה האָט זיך לאַלעק דערוווסט, אַז אין די דערפער גייט אַרום אַ פאַרשטעלטער ייד. לאַלעק האָט שוין פּינקטלעך געוווסט וועגן דעם יידנס אויסזען און אין וועלכע טעג ער גייט דאָרט אַרום. האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף יענע וועגן, באַהאַלטענערהייט נאָכגעפאָלגט דעם יידן. ביים פאַרלאָזן דאָס דאָרף צוריק צום געטאָ, האָט לאַלעק אים אָנגעטראָפן און זיך געוואָרפן אויף אים, ווי אַ חיה אויף איר קרבן. עס זענען דערביי מיטגעווען דעם מערדערס פוילישע רויב־שותפים. אין אַ קליין וועלדל הינטערן דאָרף איז דער יידישער שוסטער געפאַלן טויט פון לאַלעקס רוצחישע הענט.

נאָך דער פאַרניכטונג איז לאַלעק אַרומגעגאַנגען אין די נעכט צווישן די טויטע געטאָ־הייזלעך, געלויערט אויף אַ לעבעדיקן צייכן, טאָמער אָטעמט נאָך ערגעץ־ווו אַ פאַרבאָרגענער ייד אונטער דער ערד.

צוויי יידן, מלך פישער און יאַנקל מאָרגענשטערן, זענען גראָד געקומען פון קורטשעווער אַרבעטס־לאַגער מיטן פּלאַן זיך אַריינצוקריגן אין זייערע פאַרלאָזטע הייזער אין געטאָ. זיי האָבן ביי זיך געהאַט פוילישע דאָקומענטן. ביידע חברים האָבן געהאַט אָפּגערעדט צווישן זיך, צוזאַמען אַוועקצופאָרן ער־געץ־ווו אַלס אַריער. צו דעם צוועק האָבן זיי געדאַרפט דאָס באַהאַלטענע ביסל געלט פון זייער שטוב אין געטאָ.

אין שוץ פון דער נאַכט זענען זיי מיט שטילע טריט אַריין אין טויטן געטאָ. צווישן די ווענט האָט זיך יעדער איינער צוגעשלייכט צו זיין שטוב. אין דער בית־עולמדיקער שטילקייט האָט לאַלעק דערהערט עפּעס אַ פאַר־דעכטיקן גערויש. זיינע אָנגעשפּיצטע אויערן האָבן אים דערפירט צו מלך פישערס וווינונג. ווען מלך איז שוין געווען צוריק ביים אַרויסגאַנג, איז אויף זיין פּנים געפאַלן אַ פאַרבלענדנדיקער ליכט־שיין און אין זעלבן מאָמענט —

אַ פּאָר שאָסן. אויך יאַנקל מאָרגענשטערן איז אַ ווײַלע שפּעטער געפֿאַלן פֿון זײַנע שאָסן בײַם אַרויסבאַקומען זיך פֿון געטאָ.

אין דער זעלבער נאַכט האָט לאָלעק געטרונקען צוזאַמען מיט זײַן מערדער־באַנדע פֿאַרן צוגערויבטן געלט פֿון די צוויי געפֿאַלענע חברים.

## סורדיק

דער קרייז־האויפּטמאַן גראַמס האָט באַשטימט דעם פּאָליאַק סורדיק אַלס קאָמענדאַנט איבערן געטאָ. זײַן אויפֿגאַבע איז געווען אָפּצוהיטן, אַז אַלע אַנטי־יידישע פֿאַראָרדענונגען זאָלן שטרענג אויסגעפֿירט ווערן. ער האָט געקריגן די מאַכט אָפּצוהיטן די אינערלעכע „אָרדענונג" אין געטאָ. די יידישע געטאָ־פּאָליציי איז געשטעלט געוואָרן אונטער זײַן אויפֿזיכט און באַפֿעלן.

סורדיק איז געווען אַ גוי אין די פֿערציקער יאָרן, פֿון מיטעלן וווּקס, אַ מאָגערער, מיט אַ מאַט קרענקלעך פּנים. ער איז געגאַנגען מיט פֿוילע, שלאַבער־יקע טריט. דערפֿאַר זענען זײַנע אויגן געווען שאַרף און באַוועגלעך און אויפֿ־געכאַפּט יעדע מינדסטע באַוועגונג אַרום אים.

טאָג־טעגלעך איז סורדיק געקומען אין געטאָ. ער איז געוואָרן דער גע־פֿערלעכסטער פֿיינט אין געטאָ. אַלץ, וואָס יידן האָבן אויסבאַהאַלטן האָט ער דערשנאַפּט. ווי אַ שפּיר־הונט האָט ער אַלץ נאָכגעשמעקט. יעדע זאַך, וואָס הערמאַן האָט געדאַרפֿט אויפֿכאַפּן אין געטאָ, האָט ער זי דערזען מיט סורדיקס אויגן.

סורדיק האָט געשטאַמט פֿון שטעטל ראָגאָזשנע אין פּויזנער געגנט. ער האָט זיך אין געהיים געהאַלטן פֿאַר אַ פּוילישן פּאַטריאָט. דאָס האָט אים אָבער נישט געשטערט צו ווערן אַ פֿאַרקויפֿטער קנעכט צו די דײַטשן אין זייער קאַמף קעגן יידן. זײַן דורך לאַנגע יאָרן אײַנגעזאַפּטן אַנטיסעמיטישן גיפֿט, האָט ער אָנגעהויבן דאָ אַרויסצולאָזן פֿון זיך. סאָקאָלאָווער יידן האָבן דאָס גלייך דער־פֿילט אויף זיך.

די ערשטע צײַט איז סורדיק אַרומגעגאַנגען אין געטאָ מיט אַ לאַנגער געפֿלאָכטענער בײַטש, וואָס איז געווען זײַן ערשט געווער קעגן יידן. די דײַטשן האָבן, זעט אויס, געוואָלט פּרובירן אויספּרוּוון אים, ווי אַזוי ער שפּילט זײַן ראָל. האָט ער זיי געוויזן, אַז ער איז אַ געטרייער שמייסער פֿון יידן. נאָכן אויספֿירן פּינקטלעך אַלע דײַטשע באַפֿעלן, האָט ער אַוואַנסירט. סורדיק האָט זיך דערנאָך אין געטאָ באַוויזן אין אַ גרויען דײַטשן מונדיר און באַוואָפֿנט מיט אַ ביקס.

די יידן אין געטאָ האָבן דערפֿילט אין סורדיקן זייער געפֿערלעכסטן שונא. זײַנע אויגן זענען געווען איבעראַל. ווי מיט אויסגערעכנטע כוונות, האָט ער נאָך פֿאַרן געטאָ זיך באַקענט מיט אַלע יידן, וועלכע האָבן געפֿירט אַ האַנדל, געוווּסט מיט וואָס זיי פֿאַרנעמען זיך, האָט ער איצט לײַכט געקאָנט אויסשפּיאָנירן די פֿאַרבאָרגענע סחורה־לאַגערן.

ווי אַזוי שטילט מען איין דעם דאָזיקן מסור ? — דאָס איז געווען די פּראַגע, וואָס האָט באַשעפטיקט אַלע יידן אין געטאָ. יידן האָבן דעם צעלאָזענעם יונג אָנגעהויבן איינשלעפערן מיטן בראָנפן־ריח. ער איז לײדנשאַפטלעך געווען גע־פּאַנגען פונעם ביטערן טראָפּן, וואָס האָט אים געמאַכט נאָך פלעגמאַטישער און פוילער.

ווי אַ לײדנשאַפטלעכן שיכור, האָט אים שטענדיק געצויגן אין די קנייפּעס. אויף דער אַרישער זייט האָט ער פאַר יעדן ביטערן שלונג געמוזט טייער באַ־צאָלן. אין געטאָ זענען אָבער פאַר אים געשטאַנען אָפן די טירן פון יאַנקל הערשל־שמערלס שענק אויפן קליינעם מאַרק. סורדיקן האָבן יידן אויפגעקלערט, אַז אויב ער וועט נאָכלאָזן מיט זיינע כוליגאַנישע שטיק, וועט אים בעסער לוינען... זיין פאַרקויפטע נשמה איז געווען „עמפינדלעך" אויף כאַבאַר. פון זיין קליינעם געהאַלט ביי די דייטשן האָט ער נישט געקאָנט באַפרידיקן זיין דורשט נאָך בראָנפן און אויך נישט פירן דאָס פאַרשווענדערישע לעבן מיט זיין געליבטער — אַ גאַסן־פרוי, וועלכע ער האָט אויסגעהאַלטן אָן זיין פרויס וויסן.

יידן האָבן ביי סורדיקן דערוועקט זיין גרויסע געלט־גיריקייט. די ערשטע צייט איז אים שווער געווען זיך אָפּצוזאָגן פון זיינע ווילדע כוליגאַנישע שטיק. זיינע הענט האָבן נישט געקאָנט איינרוען ; נישט פּאַטשן מיט דער גומי־בייטש ; נישט כאַפּן און רויבן. האָט ער אָנגעהויבן שפּילן אַ צוויי־פּנימדיקע ראָל. און ער האָט זיך שנעל אויסגעלערנט די מלאכה פון נעמען כאַבאַר. דורך זיינע פון בראָנפן פאַרגלייזטע אויגן האָט ער אויפגעהערט צו זעען דאָס אַלץ, מיט וואָס יידן האָבן זיך אויסגעהיטן אין זייער שווערן געראַנגל אין געטאָ.

סורדיק איז שטופנווייז געוואָרן נאָכגעלאָזענער. ער האָט זיך פאַרהיימישט מיט אַלע קצבים, מיט די בעקערס, מיט אַלע געטאָ־שמוגלער. ביי יידישע שניידערס האָט ער זיך געלאָזט נייען קליידער. יידישע שוסטערס האָבן אים געמאַכט אָפיצירן־שטיוול. ער האָט זיך שנעל אַריינגעפּאַסט אין זיין צוויי־פּנימדיקער ראָל. ער איז געוואָרן עלאַסטיש, ער האָט געדינט ביידע זייטן... נישט איין מאָל האָבן יידן אין געטאָ דערפילט אַ ווייטיקלעכן קלאַפּ און גע־ווּסט האָט מען, אַז אין דעם האָט סורדיק דעם גרעסטן חלק. באַלד האָט ער אָבער אָפּגעדינט יידן מיט אַ פאַרגיטיקונג, געגעבן באַצייטנס צוויסן וועגן אָנקומענדיקע שאַרפע פאַראָרדענונגען, וועגן רעוויזיעס און בלאָקאַדעס אין און אַרום געטאָ, ער האָט צוגעהאָלפן אַריינשמוגלען שפּייז אין געטאָ. סורדיק האָט גענומען אַן אָפּצאָל פון יעדער געהיימער שחיטה, פון יעדן אומלעגאַלן געבעקס. געמאַכט האָט ער דאָס זייער פאַרזיכטיק, אַז זיינע באַפעלגעבערס זאָלן נישט אַנטדעקן דעם מינדסטן שפּור פון זיין זייטיקער טריפה'נער „פּרנסה"...

ערב דער פאַרניכטונג האָט ער געשפּילט די זעלבע פאַלשע ראָלע, ווי די דייטשן. אויסנוצנדיק זיין ברייטע קאָנטאַקטן צווישן די יידן אין געטאָ, האָט ער געוואָלט אָנגיין פאַר אַ באַהאַלטענעם „פריינט". ער האָט געוווּסט צו דער־

ציילן „פּאַרטרוויילעכע סודות״, וואָס זענען שטענדיק געווען דער היפּוך פון באַהאַלטענעם אמת. אים זענען פריער קלאָר געוואָרן די דייטשע פּלענער. ער האָט אפילו געוווּסט דעם באַשטימטן טאָג ווען סאָקאָלאָווער יידן דאַרפן פאַר־[illegible]כטעט ווערן. אין דער צייט האָט ער זיינע דייטשן נישט פאַרראַטן. ער אָ[illegible] האָט שוין געוואָרט מיט אומגעדולד אויף דעם טאָג. סורדיק האָט זיך פון פריער צוגעגרייט און אויסגעקוקט, ווו עס געפינען זיך ווערטפולע זאַכן פון יידן, וואָס וועלן פאַר אים שפּעטער זיין לייכט און באַקוועם אַרויסצובאַקומען.

סורדיק איז אָבער געווען פול מיט באַהאַלטענעם חשד, אַז אין געטאָ ווערן נאָך אָפּגעטאָן פאַרבאָרגענע זאַכן, וועגן וועלכע ער ווייס נישט און ער פאַר־לירט דערביי זיין שוחד־געלט.

ער האָט געענוי געוווּסט וועגן אַלע פאַרניכטונגס־פּלענער קעגן סאָקאָלאָווער יידן און ער האָט אויסגערעכנט, אַז עס איז אים נאָך געבליבן זייער ווייניק צייט און ער דאַרף אַריינכאַפּן וואָס מער עס לאָזט זיך; אַז ער דאַרף ווי געהעריק אויסנוצן זיין פּאָזיציע אַלס געטאָ־קאָמענדאַנט, ווייל עס דערנענטערט זיך דער סוף פון די יידן און מיט זיי — דער סוף פון זיין געלט־ און גאָלד־קוואַל.

ווי אַזוי באַקומט מען אַרויס וואָס מער געלט פון די געטאָ־יידן וואָס שטייען שוין ביים ראַנד פון אומקום? דאָס איז איצט געווען סורדיקס הויפּט־„זאָרג״. און דאָ איז אים געקומען צוהילף — יוזעף דער קוימענקערער.

## יוזעף דער קוימענקערער

יוזעף, אַ הויכגעוויקסיקער פּאָליאַק פון פויזנער געגנט, אין די מיטעלע יאָרן, מיט צוויי לאַנגע פיס, ווי ער וואָלט געגאַנגען אויף שטאָלצן. כדי אָנצוקוקן זיין בלאָנדן פּרצוף מיט די צוויי בלויע קעצישע אויגן, האָט מען געדאַרפט פאַרייסן דעם קאָפּ, ווי צו די הייזער־שפּיצן איבער וועלכע ער איז געקראָכן ווי אַ פלינקע קאַץ. איך ווייס נישט וואָס ער האָט געטאָן דאָרט, פונוואַנען ער איז אַהער געקומען; ער האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ צירק־מענטש, אָבער נישט פון אַ קוימענקערער, ווי מיר האָבן אים געזען מיט די פאַר־סאַזשעטע מלבושים און שוואַרצן נעגער־פּנים. זעענדיק אים דורכגיין מיט זיינע אַרבעטס־מכשירים, פלעגט מען אַ זאָג טאָן אין שפּאַס: נאָך וואָס דאַרף ער קריכן אויף די דעכער, מיט זיינע לאַנגע פיס קאָן ער דאָך פּשוט איבער־שפּרייזן פון דאַך צו דאַך.

אויף דער פּוילישער זייט פון שטאָט פלעגט ער גיין אין מיטן גאַס, נישט אויפן טראָטואַר, צוזאַמען מיט אַנדערע שפּאַצירער; ער האָט געשפּרייזט שנעל, ווי ער וואָלט זיך געשעמט פאַר זיינע פויזנער קאַמעראַדן מיט זיין שוואַרצער מלאכה.

קומענדיק אין געטאָ צו זיין אַרבעט איז ער געווען גאָר אַן אַנדערער. דאָ איז ער געגאַנגען אַ געלאַסענער, אויפן טראָטואַר, מיט געמאָסטענע טריט אומ־קוקנדיק זיך אויף אַלע זייטן. ער פלעגט שטיין בלייבן ביי אַ הויז, לאַנג

באַטראַכטן עס און צום סוף אַריינגיין צו די שכנים אָנזאָגן, זיי זאָלן אַראָפּ־נעמען די טעפּלעך פון די קאָך־אויוועלעך.

צו די ייִדן, מיט וועלכע ער האָט זיך פאַרהיימישט, פלעגט ער אַליין אַריינגיין אין שטוב און אַראָפּנעמען די כלים פון דער קוך. דערביי פלעגט ער גוט אַריינקוקן אין די טעפּלעך. נאָך דעם איז ער אַרויף אויפן דאַך אויסרייניקן די סאַזשע פון די קוימענס.

גאַנץ אָפט אין מיטן דער אַרבעט פלעגט ער אַ בייזער אַראָפּקריכן פון דאַך און אַריינשרייען אין די שטובן: צום טייוול פאַרשטאָפּט! און בורטשנדיק פאַרשידענע קללות אַרויפגעקראָכן אויפן בוידעם, ווו ער פלעגט לאַנג אַרומ־שפּרייזן אַן איינגעבויגענער, זוכן און נישטערן, געקלאַפּט מיט אַ האַמער אין קוימען, ביז ער האָט אַראָפּגעשריגן: „וו'פאַזשאַנדקו"...

אין אַנדערע שטובן פלעגט יוזעפּן גאָר איינפאַלן אַריינגיין בעטן אַ שווע־בעלע צו פאַרויכערן אַ סיגאַרעט. ער פלעגט דאָס מאַכן פלעגמאַטיש און בשעת מעשה גוט אַרומגעקוקט זיך אין אַלע ווינקעלעך פון דער שטוב. זיינע אויגן האָבן אויך דערגרייכט די מלבושים־שענק, צו די טישן, ווו מען האָט געגעסן אָדער געגרייט זיך צום עסן.

זייער אָפט פלעגט יוזעף קומען רייניקן די קוימענס פון די הייזלעך וואָס זענען געשטאַנען נאָענט צו דער געטאָ־גרענעץ. דאָ האָט ער נישט זעלטן גע־קאָנט זען אין מיטן העלן טאָג ווי אַזוי קריסטן פון דער אַרישער זייט און יידן פון געטאָ פאַרשטענדיקן זיך הינטער די ווענט מיט אָפּגערעדטע האַנט־צייכנס. באַלד נאָך דעם איז ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן אַן איינגעבויגענער פּאָליאַק, וואָס פלעגט עפּעס אונטערוואַרפן ביי די געטאָ־דראָטן, אַ שווערן זאַק אָדער אַ קליין פּעקעלע, און שנעל אַנטלויפן, ווי עמיצער וואָלט אים געיאָגט.

אָט פאַרגנבעט זיך צו די געטאָ־דראָטן אַ דרייסטע קריסטין, שטעקט אַריבער דורך די דראָטן־לעכער אַ טאָרבע שפּייז און באַקומט דערפאַר, דורכן זעלבן וועג, אַ פּעקעלע און — זי איז שוין נישטאָ. דאָס אַלץ קומט פאָר אין אַן אויגנבליקלעכער שנעלקייט.

פון זיין אַרבעטס־פּלאַץ, פון די הייזער־דעכער, האָט יוזעף געקאָנט זען וואָס יידן טוען אַלץ כדי צו דערהאַלטן זייער קיום. קיינער האָט נישט געוווּסט און נישט געקאָנט זיך פאָרשטעלן, אַז יוזעף קוקט זיך צו און זעט וואָס מען טוט, ביז עס איז געקומען סורדיק איינמאָנען „וואָס אים קומט" פאַר פאַר־שידענע זאַכן, וואָס זענען געווען פאַרצייכנט אין דער לאַנגער רשימה אין זיין האַנט. סורדיק פלעגט דערביי זאָגן אַ טריאומפירנדיקער: „אין געטאָ קאָן גאָרנישט פאַסירן איך זאָל וועגן דעם נישט וויסן".

אַזוי האָבן יידן זיך דערוווּסט, אַז פאַר יוזעפן דעם קוימענקערער דאַרף מען זיך אויסהיטן ווי פאַר אַ שפּיאָן, אַ מסור, און יוזעף אַליין האָט שנעל פאַר־שטאַנען, אַז מען היט זיך פאַר אים. דאָס האָט שוין אָבער נישט געהאָלפן — סורדיק האָט געמוזט באַקומען די פאַרלאַנגטע געלט־סומעס. אויך יוזעף האָט

זיך געכאַפּט, אַז ער וועט צו־ביליק אויסגענוצט דורך סורדיקן — אַ טרינק בראַנפן איז צו־ווייניק פאַר די ידיעות וואָס ער שטעלט־צו סורדיקן. האָט ער אָנגעהויבן „אַרבעטן אויף אייגענער האַנט”. אָן בושה פלעגט ער זאָגן צו די יידן: זשידקי, גיט געלט! געלט געלט! אויב נישט, וועלן הערמאַן און גראַמס גלייך וויסן, אַז איר האָט צו פרעסן אין געטאָ...

סורדיק האָט געוווסט, אַז אויך יוזעף שלעפּט געלט פון די געטאָ־יידן. ער האָט אָבער גאָרנישט געקאָנט טאָן און נישט געשטערט אים אין דעם, אָבער מיט איין באַדינג — ער זאָל אים ווייטער ברענגען ידיעות פונעם געטאָ.

דער שוואַרצער קוימענקערער איז געוואָרן אַ געשפּענסט פאַר די געטאָ־יידן. ווי נאָר יוזעף פלעגט אַריינקומען אין געטאָ און בעמען זיך צו זיין אַרבעט, האָט שוין די גאַנצע גאַס געוווסט, אַז מען דאַרף זיך אויסהיטן, און דער מסור האָט אומזיסט געזוכט עפּעס פאַרדעכטיקס. ער האָט זיך אָבער נישט איבער־געגומען פון דעם נישט קענען אַנטדעקן עפּעס־וואָס, וואָס זאָל צו־נוץ קומען אים און סורדיקן. ער האָט ווייטער איבערגעגעבן סורדיקן מסירות, ליגנערישע מעשיות, וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין זיין מיט בראַנפן פאַרגאָסענעם מוח. אַזוי האָבן די צווײ פּאָליאַקן וואָס האָבן אַליין געליטן פון די דייטשן, געזויגן דאָס בלוט פון די געטאָ־יידן.

סורדיק האָט זיך אונטערשיידעט פון יוזעפן דערמיט, וואָס ער האָט זיין יידן־האַס פאַרדעקט מיט אַ מאַסקע פון כלומרשטן אומווילן צו טאָן יידן שלעכטס, בפרט, אַז ער נעמט דערפאַר געלט. יידן האָבן אָבער געוווסט, אַז ער איז גע־פערלעכער פון זיי כוסה־חבר, דעם קוימענקערער יוזעף, וועמען ער האָט אויסרעזשיסירט צו זיין עקלהאַפטער שוואַרצער מלאכה אַלס מסור און חטאים־זוכער ביי די געטאָ־יידן.

יום־כיפור תש״ב (1942) איז סורדיק אויך אַרויסגעגאַנגען מיט הערמאַנען אויסקוקן, וווּ עס וועט קאָנען זיין אַ גרעסערער זאַמל־פּלאַץ פאַר די געפאַנגענע יידן, וועלכע מען וועט מיט אַ טאָג שפּעטער צונויפזאַמלען כדי צו פירן קיין טרעבלינקע. צומאָרגנס האָט זיך סורדיק געבאָדן אין יידיש בלוט. היימישע יידן, ביי וועלכע ער האָט ווי אַ פּיאַוועקע כסדר געזויגן געלט, האָט ער אַליין געשלעפּט צו דער שחיטה. אַ צעווילדעוועטער איז ער אַרומגעלאָפן און גע־כאַפּט יידישע קרבנות. ער האָט טריאומפירט פון וויסטן נצחון איבער די סאָקאָלאָווער יידן. אין יענע טעג איז זיין פויזנער אַנטיסעמיטישער טרוים פאַרווירקלעכט געוואָרן. דאָס יידישע שטעטל סאָקאָלאָוו איז צוזאַמען מיט גאַנץ פוילן געוואָרן יידן־ריין...

## נחום לעווין

ווער ס׳האָט אין געטאָ געוואָלט זען אַ יידן, וועמען ס׳איז פרעמד דאָס געפיל פון פאַרלוירנקייט און אומזיכערקייט, וואָס האָט באַגלייט יעדן ייד — האָט נאָר געדאַרפט אַ קוק־טאָן אויף דעם איבער פופציק־יעריקן, בידעריק־געוויקסיקן, רונדיק־אויסגעפּולטן פּרעזעס, נחום לעווין, מיט זיין געלאַסענעם גאַנג, ווי ער

וואָלט געציילט זיינע טריט, אָן פּחד, אָן אַ שפּור פון אומרו און זאָרג אין זיינע וואַכזאַמע אויגן, וואָס האָבן דרייסט געקוקט אויף אַלע זייטן. מעשה באַלעבאָס. ער איז תמיד געגאַנגען מיט אַ ברוינער לעדערנער טעקע, וואָס האָט אַראָפּ־געהאָנגען פון זיין האַנט ביז דער ערד, מיט אַ גרינער לענטע, פון וועלכער ס׳האָט דייטלעך זיך אָנגעזעען דאָס איינציק־געדרוקטע וואָרט „אויבערריודע״.

פאַר דער מלחמה האָט מען לעווינען געקאָנט אין שטעטל, ווי אַ „דריי־קאָפּ״. בעת ער האָט נאָך געפירט זיין גרויסן האַנדל, זענען זיינע געשעפטן געגאַנגען „אויף רעדער״. ווען ס׳האָט ווער אַ מאָל איינגעהאַנדלט ביי אים אַ וואַגאָן אייל־קערנער, אָדער אַ וואַגאָן תבואה און די טראַנזאַקציע האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס פּיקטיוועע, האָט לעווין געקאָנט באַווייזן זיין קונה, אַז שולדיק איז גאָר די „ערשטע האַנט״. די „האַנט״ איז אין אמתן באַעוולט געוואָרן פון לעווינען, דורך באַקומען טשעקן אָן דעקונג. אין זיינע מסחרים האָט לעווין תמיד געוווסט, ווי אַזוי אַלץ צו „רעגולירן״ און שטענדיק ווידער שטיין־בלייבן אויף די פיס.

ווען די דייטשישע מאַכט האָט זיך באַראַטן מיט דעם באַקאַנטן פאָלקס־דייטש שולץ, ווע־מען צו באַשטימען אַלס פּרעזעס פונעם יודנראַט, האָט ער פאָרגעלייגט נחום לעווינען, אַלס פּאַסיקסטן קאַנדידאַט אויף דעם אַמט.

שולץ, וואָס האָט געקאָנט דאָס שטעטל יידן, האָט נישט געמאַכט קיין טעות. נחום לעווין איז גלייך אַריין אין דער ראָלע אַלס מעקלער צווישן די יידן און דער דייטשישער מאַכט. ווי אַ געניטער מעקלער האָט ער אויך ביי דעם האַנדל אין זינען געהאַט צוערשט זיין מעקלער־געלט, וואָס איז באַשטאַנען אין נעמען פאַר זיך אַ ספּעציעלע דערלויבעניש אויסצואַרבעטן מאַרמאַלאַדע.

אין דער צייט ווען דאָס יידישע לעבן אין געטאָ איז נאָך נישט געהאַט דערגאַנגען צום העכסטן פּונקט פון זיין פּיין, איז ווייניק געקומען צום אויס־דרוק די שאַרפע שייד־ליניע צווישן דעם פּרעזעס און די שטעטלדיקע יידן. די דאָזיקע שייד־ליניע איז בולט געוואָרן פון דעם מאָמענט, ווען דער יודנראַט האָט זיין טעטיקייט אָנגעהויבן באַזירן אויף דער איינשטעלונג פון איבער־קויפן דעם בלוטיקן שונא מיט געלט, מיט מתנות און צומאָל אויך מיט אַ קרבן.

מען מוז זאָגן דעם אמת, אַז ביז די טעג פון פאַרניכטונג האָט דער יודנראַט פּסיכיש און גייסטיק באַהערשט די געפּייניקטע יידן. ער האָט זיי אָנגעוואָרפן דעם געדאַנק פון וואָס מער אָנזעטיקן די ווילדע דייטשישע רוצחים און גזלנים מיט קאָסטבאַרע מתנות, ספּעציעל געברענגטע פון וואַרשעווער געטאָ, כדי אַזוי אַרום צו שטילן זייער בלוט־דורשטיקייט.

די פּאָליטיק פון איבערקויפן די דייטשן, איז לויט מיין מיינונג, געווען אַ פאַרפירערישע. אין גאַנג פון די דאָזיקע פאַרברעכערישע טראַנזאַקציעס איז דער פּרעזעס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אינסטרומענט, וואָס האָט פאַר־לייכטערט די דייטשן פאַרצוזעצן שטופנווייז זייערע פאַרניכטונגס־פּלענער. די איינגעהאַנדלטע „דערגרייכונגען״ פאַר די געטאָ־יידן זענען געווען נישט מער

ווי אַ פֿאַרבלענדעניש, נישט צו זעען די אמתע געפֿאַרן, וואָס האָבן זיך פּלאָנ־
מעסיק אָנגערוקט אונטערן מתנות־שלייער. לעווין האָט זיך פֿאַרפּלאָנטערט,
גלויבנדיק אין די פֿאַרזיכערונגען פֿון די דייטשן און זיך אַליין באַשאַפֿן די
אילוזיע, אַז ער פֿירט אויס אַ שליחות פֿאַרן שטעטל יידן.

אַלס באַווייז, ווי ווייט נחום לעווין האָט געגלויבט אין זיין איבערקויף־
פּאָליטיק, קאָנען דינען זיינע באַקאַנטע רייד:

„ווען איך האָב אַ צוטריט צו היטלערן, וואָלט איך אויך אים איבער־
געקויפט!"

לעווין, וועמען ס'איז אָנפֿאַרטרויט געוואָרן דאָס לעבן פֿון אַ שטעטל יידן,
און וואָס יידן האָבן אויף אים אין גורלדיקע טעג געקוקט, ווי אויף דעם איינ־
ציקן רעטער, איז צו לעבנס־וויכטיקע ענינים צוגעגאַנגען מיט ברוטאַלע
סוחרישע קאַלקולאַציעס.

אַ פּאָר פֿאַקטן פֿון לעווינס מעשים וועלן אים אַוועקשטעלן אין שפּיגל
פֿון זיין טעטיקייט אין געטאָ אַלס פּרעזעס:

ווען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן מאַכן זייערע צוגרייטונגען צום אָנגריף
אויף די סאָוויעטן ביים בוג, האָבן זיי דערלויבט זיך באַוועגן אין די דערפֿער,
נאָענט פֿון דער גרענעץ, נאָר די דאָרטיקע יידישע איינוווינער. אין יענער צייט
איז אַרעסטירט געוואָרן אַ קאַלישער ייד, אַ פּליט אין סאָקאָלאָוו, מיט אַ קוישל
גאַלאַנטעריע־אַרטיקלען. די דייטשישע גרענעץ־וואַך האָט דעם ייד אָנגענומען
פֿאַר אַ שפּיאָן און אים איבערגעגעבן דער געסטאַפּאָ אין שעדלעץ. נאָענטע
קרובים פֿון אַרעסטירטן, וואָס האָבן זיך באַמיט אים צו באַפֿרייען, זענען איינ־
פֿאָרמירט געוואָרן פֿון די, וואָס זענען געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דער
געסטאַפּאָ, אַז פֿאַר פֿינף טויזנט זלאָטעס קאָן מען דעם יונגנמאַן ראַטעווען
פֿון טויט. האָבן די קרובים גלייך אָנגעהויבן זוכן מאַטעריעלע הילף.

אַ יונגע פּריילין פֿון קאַליש, אַ געוועזענע שכנה פֿון אַרעסטירטן, האָט
אַוועקגעשענקט איר נייעם פֿוטערנעם מאַנטל צו העלפֿן ראַטעווען דעם צום
טויט־פֿאַרמשפּטן ייד.

ביים נאָכזוכן אַ קונה אויף דעם ווערטפֿולן מלבוש, זענען די קרובים
דערגאַנגען צום פּרעזעס נחום לעווין, וועמען ס'איז שטאַרק געפֿעלן דער עלע־
גאַנטער לאַפּקענער מאַנטל. נאָר אַזוי ווי זיין טאָכטער ,דאָס כלה־מיידל, רחלע,
איז שוין געווען באַקליידט מיט אַ זשרעבאַק־מאַנטל, האָט דער פּרעזעס גע־
האַלטן, אַז דעם מלבוש דאַרף ער קויפֿן ווי אַ מציאה.

נחום לעווינען איז גוט באַקאַנט געווען דער אַרעסט פֿון דעם יידישן פּליט
און אויף וואָס פֿאַר אַ צוועק דאָס געלט איז באַשטימט. דאָס האָט אָבער נישט
געהאַט קיין ווירקונג אין זיינע האַנדלס־קאַלקולאַציעס. איבער צוויי וואָכן האָט
געדויערט ביז דער מאַנטל איז פֿאַרקויפֿט געוואָרן צו אַ פּאַליאַק, פֿאַר אַ טאָפּלטן
פּרייז, וואָס דער פּרעזעס האָט געוואָלט באַצאָלן. דאָס געלט האָט אָבער שוין

נישט געקאָנט ברענגען קיין נוצן. דער ייד איז אין צווישנצייט אומגעבראַכט געוואָרן.

אין געטאָ איז באַקאַנט געווען, אַז נחום לעווין האָט אין דער אָפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג, ביים מאַגיסטראַט, אויפגעגעבן די צאָל פון דער יידישער באַפעל־קערונג צוזאַמען מיט די פּליטים אויף מער וויפל זי איז ווירקלעך געווען. מען האָט גערעדט וועגן דריי טויזנט צוגעשריבענע נעמען. פון די יודנראַט־קרייזן האָט מען געזאָגט: צוויי טויזנט נעמען. נחום לעווין האָט געהאַלטן דעם ענין פאַר זיינס אַ וויכטיקן אויפטו, שאַפנדיק אַזוי אַרום פאַר דעם געטאָ מער שפּייז.

אין געטאָ האָט זיך קיינער נישט פאַרנומען מיט נאָכפאָרשן, וויפל קילאָ ברויט אַ טאָג יידן באַקומען פון די איבעריקע צוויי טויזנט נעמען. דער בעסטער סטאַטיסטיקער איז געווען דער הונגער, אין פיל יידישע הייזער האָט מען נישט פאַרזוכט קיין איין ביסן ברויט פון לעווינס סוחרישן אויפטו מיט די כאַבאַרניקעס אין דייטשישן אָפּראָוויזאַציע־אַמט.

אין געטאָ האָבן בלויז וויניקע פאַרשטאַנען דעם רעזולטאַט פון אָנגעבן אַ פאַלשע ציפער פון דער צאָל יידן אין שטעטל. די דייטשן האָבן לויט דער צאָל אַרויסגעגעבענע שפּייז־קאַרטן פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, געפאָדערט יידישן אַרבעטס־כוח פאַר זייערע קריגס־צוועקן און אַרבעטס־לאַגערן.

וויסנדיק וועגן אַ גרויסער באַפעלקערונג אין געטאָ, האָבן זיי טאָג־טעגלעך זיך אַרומגעיאָגט מיט די אַנטלויפנדיקע און זיך אויסבאַהאַלטנדיקע יידן, און איינגעאָרדנט נאָכט־אַבלאַוועס אין די יידישע הייזער.

גראַמס און ד״ר הערמאַנס פאַרניכטונגס־רשימה פון סאָקאָלאָווער יידן איז וואַרשיינלעך געווען באַזירט אויף דער ליסטע פון אָפּראָוויזאַציע־אַמט. איבער צען טעג און נעכט האָבן זיי די איבעריקע יידן נאָכגעזוכט אין אַלע פאַר־באָרגנסטע ווינקלען, אין פאַרשידענע בונקערס, קעלערס, אונטער דער ערד און איבערן גאַנצן שטח פון אומגעבראַכטן געטאָ.

נחום לעווין האָט אין אַ יוני־טאָג 1942, פאַראָרדנט, אַז יידן זאָלן זיך פון דער פרי ביז ביינאַכט נישט באַוועגן אויף די גאַסן פון געטאָ, אויסער אין אַ נויטפאַל. אין דעם טאָג האָט געדאַרפט אָנקומען קיין סאָקאָלאָוו ד״ר פישער. לעווין האָט ערנסט געגלויבט, אַז דער גורל פון די סאָקאָלאָווער יידן ליגט אין די הענט פון די לאָקאַלע מושלים, גראַמס און ד״ר הערמאַן. זיין גלויבן איז געווען אַזוי פעסט, אַז ער האָט אַלעמען אַרום זיך, אַלע יידן אין געטאָ, מיט כוח געוואָלט אים אויפצווינגען, אַפילו נאָכן וויזיט פון ד״ר פישער, וואָס האָט בעת זיין באַזוך געהתמעט דעם טויט־אורטייל איבער די יידן פון סאָקאָלאָוו און אומגעגנט.

באַלד נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ. סאָקאָלאָווער יידן האָבן געזען פאַרבייפאָרן די טראַנספּאָרט־וואַגאָנען, אָנגעפּולטע מיט וואַרשעווער יידן, אויפן וועג קיין טרעבלינקע.

סוף אויגוסט זענען פאַרניכטעט געוואָרן די שעדלעצער יידן און אויך

אַלע שכנותדיקע קהילות. די יידן אין שטעטל האָבן זיך געקלאַמערט איינער אין אַנדערן. ווייטע פאַמיליעס האָבן געפונען צווישן זיך קרובהשאַפט. מען האָט באַמיט זיך צו האַלטן זיך צוזאַמען.

די געטאָ־יידן פלעגן זיך טוישן, ביים האַלטן וואַך, במשך לאַנגע נעכט. עס זענען אָפּגערעדט געוואָרן צייכנס, סימנים צו סיגנאַליזירן בעת אַ געפאַר. עס איז קלאָר געוואָרן, אַז דאָס אומגליק דערנענטערט זיך. אין דער זעלבער צייט האָט נחום לעווין נישט אַרויסגעוויזן קיין שום אויסערלעכע סימנים פון אומרו. פאַרקערט, אין די שמועסן, וואָס ער האָט געפירט מיט זיינע מיט־אַרבעטער און שכנים, האָט ער געזאָגט, אַז ער נעמט אויף זיך די אחריות פאַר אַלעמענס גורל. ער האָט גערופן צו פאַרהאַלטן זיך רואיק און זיכער.

גראַמס און ד״ר הערמאַן האָבן דערקענט אין לעווינען אַ מענטש מיט אַ שוואַכן כאַראַקטער, וואָס וועט זיין געהאָרכזאַם אַלע זייערע פאַראָרדענונגען, האָבן זיי אים אַריינגעצויגן אין אַ נעץ פון כאַבאַר און קאָרופּציע.

אויך אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט נישט געקאָנט באַהערשן און ענדערן די האָפענונגסלאָזע סיטואַציע. אָבער צווישן סאָקאָלאָווער יידן האָט זיך אַנט־וויקלט אַ בונטאַריש געפיל, וואָס איז אַמשטאַרקסטן געקומען צום אויסדרוק אין מאַסן־אַנטלויפן פון געטאָ. דאָס דאָזיקע געפיל, וואָס וואָלט די דייטשן פאַר־שאַפט פיל שוועריקייטן ביים אויספירן די מערדערישע פלענער, איז איינגע־שלעפערט געוואָרן דורכן פרעזעס, וואָס האָט פאַרטושט די סכנה מיטן אויפ־צווינגען צו גלויבן אין די דייטשישע הבטחות.

מוצאי יום־כיפור 1942, ווען יידן אין געטאָ האָבן מיט אָפענע אויגן געזען זייער לאַגע און דער גרעסטער טייל געטאָ־איינוווינער איז געזעסן מיט פאַרוואָרפענע העלדזער אויף פעקלעך, לעבן די צוגעגרייטע באַהעלטענישן — איז נחום לעווין רואיק געשלאָפן נאָכן יום־כיפור־טאָג און ביי אים אין שטוב זענען געזעסן יידישע פאָליציי־לייט, חברים פון זיין טאָכטער, זאָרגלאָז פאַר־טאָן אין קאָרטן־שפּיל.

שעפסל גרינבערג (איצט אין ישראל), איז געקומען אין דער זעלבער נאַכט צום פרעזעס אין שטוב אַריין, אויפמערקזאַם מאַכן אים אויף די ערנסטע סימנים פון דער טויט־סכנה. נחום לעווין האָט אים מיט אַ בייזן טאָן געדראָט מיט פאַרשיקן קיין טרעבלינקע פאַר אַרויסרופן אַ פּאַניק־שטימונג אין געטאָ.

אַ פּאָר שעה נאָך דעם, אין גרויען פרימאָרגן, האָט זיך אָנגעהויבן די פאַר־ניכטונג.

⁂

באַלד נאָך דער ליקווידאַציע, ווען דאָס שטעטל יידן איז שוין געווען דערשטיקט אין די טרעבלינקער גאַז־קאַמערן און דערשאָסן אין מאַסן־קברים אין געטאָ, האָט דער קאָמענדאַנט פון טרעבלינקע צוגעפירט נחום לעווינען צו אַ קאַלך־גרובן און דאָרט אים דערשאָסן.

## שפייז־שמוגל

מיטן אָנקומען פון ווינטער 1941 זענען סאָקאָלאָווער יידן שוין געווען אָפּגעזונדערט פון אַרומיקן לעבן, פאַרשפּאַרט אין אָפּגעצוימטן געטאָ. די מערר־פאַרמעגלעכע האָבן זיך פריער פאַרזאָרגט מיט שפּייז־פּראָדוקטן אויף אַ געוויסער צייט. אויך די אומפאַרמעגלעכע, און אפילו די אָרעמסטע, האָבן אַלץ געטאָן, אויך אַראָפּפאַרקויפט פון זיך די קליידער, אַבי זיך צו פאַרזאָרגן אויף די ערשטע פּאָר וואָכן מיט די נויטיקסטע פּראָדוקטן, ווי קאַרטאָפל און מעל. מיט זאָרג און אומרו האָבן יידן אָפּגעוואַרט די קומענדיקע טעג. יעדער האָט געלעבט שפּאָרזאַם, אויסגערעכנט און געזאָרגט פאַרן מאָרגנדיקן טאָג. מיט שרעק האָט מען צוגעזען, ווי יעדעס שפּאַרעלע אַרום געטאָ ווערט אָבסערווירט און באַוואַכט.

צוליב דער טויט־שרעק, וואָס איז אָנגעוואָרפן געוואָרן אויפן געטאָ, איז מען פון אָנהויב געווען צוריקגעהאַלטן און אפילו מורא געהאַט זיך צו דער־נענטערן צו די געטאָ־טויערן. אַ געפיל פון פּחד, חרפּה און באַליידיקונג האָט יעדן באַהערשט, צוקוקנדיק זיך ווי פון דער אַנדערער זייט דראָטן באַוועגן זיך מענטשן פריי, קוקן זיך צו מיט שפּאָט, מיט נקמה־פרייד אין די אויגן, צו דעם בילד פון מיטלאַלטער, צו די אָפּגעצוימטע פאַריער. יידן האָבן זיך אָנגע־הויבן צו פאַרטראַכטן וועגן דעם, וואָס עס זענען אייגנטלעך די ענדצילן פון די דייטשן כלפּי אונז: צי מיינען זיי בלויז אָפּצושיידן אונז פון אַרומיקן עפנט־לעכן לעבן, אָדער איז מיט דעם געטאָ פאַרבונדן עפּעס אַ טייוולאָניש־פאַר־באָרגענער פּלאַן פון אויסראָטונג? דעם לעצטן געדאַנק האָבן יידן פאַרטריבן פון זיך. יעדער איינער האָט אָבער געפילט און פאַרשטאַנען, אַז עס שטייט אונז פאָר אַ שווערער פאַרביטערטער געראַנגל פאַר דערהאַלטן דאָס נאַקעטע לעבן.

אַ שטיקל צייט איז פאַריבער און יידן האָבן זיך אָנגעהויבן איינלעבן מיט דער אויפגעצוווּנגענער חרפּה. יעדער ייד האָט געגלויבט און געטרייסט זיך,

אַז סוף־כל־סוף וועלן די דייטשן זיך איינברעכן. דער דאָזיקער געדאַנק איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ היילִיקן גלויבן, נישט געקוקט אויף דעם פּאָרלויפֿיקן פֿאַרויסמאַרש פֿון די דייטשן אויפֿן מזרח־פֿראָנט.

די סאָקאָלאָווער יידן האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן נאָכזוכן וועגן און מיטלען בכדי צו קאָנען זיך פֿאַרבינדן מיט דער אויסערלעכער וועלט. זיין אויסגעשטעלט אויף די באַשטימטע שפּייז־„ראַציאָנען״ וואָס די דייטשן האָבן צוגעטיילט פֿאַר די יידן אין געטאָ, האָט געהייסן מסכים זיין צו אַ לאַנגזאַמען הונגער־טויט. דער עול פֿון פֿאַרשאַפֿן, דורך פֿאַרשידענע וועגן שפּייז אין געטאָ אַריין, האָט אַרומגענומען יעדן ייד באַזונדער. ביסלעכווייז האָבן די דאָזיקע אינדיווידועלע אָנשטרענגונגען אָנגענומען אַן אָרגאַניזירטע פֿאָרם און האָבן גלייך געהאַט אַ גוטע ווירקונג. די הונגער־שרעק איז לייכטער געוואָרן און עס זענען אויך געפֿאַלן די אויפֿגעשרויפֿטע געטאָ־פּרייזן אויף שפּייז.

דורך פֿאַרשידענע פֿאַרבאָרגענע לעכער האָט זיך שנעל אָנגעהויבן אַנט־וויקלען דער שמוגל. באַקאַנטע פּויערים, וועלכע האָבן פֿריער געהאַנדלט מיט יידן, האָבן אויך נאָכגעזוכט מעגלעכקייטן פֿון דרויסן זיך צו שטעלן אין קאָנ־טאַקט מיטן געטאָ. זיי האָבן זיך גענויטיקט אין קונים פֿאַר זייערע דאָרפֿישע פּראָדוקטן. אין געטאָ, האָבן זיי געוווּסט, געפֿינען זיך די בעסטע אָפּנעמערס און צאָלערס. די פּויערים האָבן זיך גענויטיקט אין פֿאַרשידענע אַרטיקלען פֿון גאַלאַנטעריע־, מאַנופֿאַקטור־ און לעדער־סחורות, וואָס זענען געבליבן פֿאַר־באָרגן ביי יידן אין געטאָ. די לייכטאינדוסטריעלע סחורות, וואָס זענען געווען אין יידישע הענט, האָבן געהאַט אַ גרויסע צוציאונגס־קראַפֿט פֿאַר דער פּוילישער באַפֿעלקערונג. זי האָט דעריבער זיך אָנגעכאַפּט אין דער נויט־איניציאַטיוו פֿון יידן אין געטאָ אָנצובינדן אַ שטרענג־געהיימען האַנדלס־קאָנטאַקט. די פֿאַר־צוימטע דראָטן האָבן נישט געקאָנט געגנצלעך צעשיידן די פֿאַראינטערעסירטע צדדים.

דער געהיימער האַנדל פֿלעגט אין גרעסטן טייל דורכגעפֿירט ווערן אין די דורכגענג — פֿון די הייזער אַנטקעגן גרויסן מאַרק — אין דער פּיענקנע־גאַס אַריין, לעבן רבינס הויז. פּויערים פֿון גרויסן מאַרק פֿלעגן זיך אַריינגנבענען אין די טונקלע קאָרידאָרן פֿון די דאָזיקע הייזער און דורכפֿירן מיט די געטאָ־סוחרים צאָלרייכע האַנדלס־טראַנזאַקציעס — פֿאַרקויף פֿון תבואה, קאַרטאָפֿל און אַנדערע שפּייז־אַרטיקלען. די קריסטן, וואָס האָבן באַוווינט די הייזער, האָבן טיילווייז אַליין אָנטייל גענומען אין דעם האַנדל און די „בעסערע״ פּוילישע שכנים האָבן אַוועקגעקוקט, נישט געשטערט דעם שמוגל צווישן די יידן מיט די דאָרפֿישע פּויערים. שטרענג אויסהיטן האָט מען זיך געדאַרפֿט נאָר פֿאַר אַ דייטש און פֿאַר דער פּוילישער פּאָליציי, וואָס פֿלעגט זיך נישט זעלטן לאָזן איבערקויפֿן.

דער האַנדל דורך דעם וועג איז אָנגעגאַנגען — אַ חוץ מיט תבואה, קאַרטאָפֿל, גרינוואַרג — אויך מיט עופֿות, פֿאַרשידענע פֿעטסן — אין גרויסע

קוואַנטומס אַזוי, אַז די פּרייזן אין געטאָ האָבן זיך אויסגעגליכט מיט די פּרייזן אויף דער פּוילישער זייט. פּויערים פּלעגן זיך דורך די הייזער־דורכגענג אַרייג־שמוגלען אין געטאָ, כדי איינצוקויפן פאַרשידענע גאַלאַנטעריע־אַרטיקלען, אָדער אויסצוטוישן יידישע סחורה פאַר זייערע שפּייז־אַרטיקלען. אַן אָנצוג, אַ פּאָר שטיוול, איז געשאַצט געוואָרן לויט דער ווערט פון אַ מעטער קאָרן אָדער קאַרטאָפל. דער אויסטויש פון סחורה אויף סחורה איז געווען שטאַרק פאַר־שפּרייט און האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג ווי עס איז געווען יידיש לעבן אין געטאָ.

ביי דעם פליישׂ־שמוגל אין געטאָ אַריין האָבן יידן געמוזט בייקומען גרע־סערע שוועריקייטן. די יידישע שחיטה איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. דער שוחט מיטן קצב זענען געווען אויסגעשטעלט אויף טויט־געפאַר. דאָך האָבן יידן ביי דער גרעסטער מסירת־נפש געשאָכטן אויף כשר. דאָס איז געמאַכט געוואָרן אין גוט־אָרגאַניזירטע געהיימע באַדינגונגען. אין מיטן די נעכט פלעגן גויים פון די נאָענטסטע דערפער צוקומען מיט די בעלי־חי צו די געטאָ־דראָטן אויף די פעלדער ביי דער פיענקנע־גאַס, ווו ס׳פלעגן געמאַכט ווערן אונטער־גראָבונגען. דורך די דאָזיקע גריבער און לעכער זענען אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין געטאָ די קעלבער און שעפּסן. נאָך דעם איז די ערד צוריק אויסגעגליכט געוואָרן אַז עס זאָלן נישט פאַרבלייבן קיין שפּורן. אין געטאָ זענען אויך אַריינ־געבראַכט געוואָרן קי און אָקסן. דער דאָזיקער שמוגל איז אָנגעגאַנגען דורכן טויער אויף ראַגאָוּוסקע, לעבן משה פּיעקאַרסקיס הויז. יידישע קצבים האָבן צוגעפּאַסט אַ געהיימן שליסל צום טויער־שלאָס. אין די שטאַק־פינצטערע נעכט זענען אויסגעפּאַשעטע רינדער, פאַרבונדן די מיילער און די פיס מיט שמאַטעס, מיט שטילע טריט אַריינגעפירט געוואָרן אין געטאָ. ערגעץ אין אַ געהיים, גוט־באַוואַכט אָרט האָט שוין מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ געוואַרט דער שוחט. צו מאָרגנס האָבן יידן אין געטאָ זיך איינגעקויפט פריש רינדערן פלייש.

אַ זייער וויכטיקן אָנטייל אין דער געטאָ־פאַרבינדונג מיט דער פּוילישער זייט האָבן געהאַט די איינצלנע יידן מיט די אַרומפאַר־שיינען פאַר אייער־ און שמאַטע־הענדלער.

נאָך אָנהייב קריג האָט די דייטשע מאַכט אַרויסגעגעבן דערלויבענישן פאַר יידן אַרומצופאָרן איבער די דערפער און מערק צו פאַרשאַפן זייערט־וועגן אייער. אין אייער האָבן די דייטשן זיך שטאַרק געניטיקט פאַר זייער מיליטערישער אַרמיי. די יידן האָבן באַקומען פון די דייטשן זעק מיט צוקער און זיי האָבן געדאַרפט טוישן יעדן קילאָ צוקער אויף אַ קילאָ אייער. די גאַנצע פּראָדוקציע פון צוקער איז פאַרנוצט געוואָרן דורך די דייטשן. די פּוילישע באַפעלקערונג האָט באַקומען צוגעטיילט בלויז קליינע „ראַציאָנען". אייער האָבן די דערפער געדאַרפט צושטעלן אין זייער קאָנטינגענט פאַר דער דייטשער אַרמיי, אָבער אַזוי ווי די פּויערים האָבן מיט פאַרשידענע מיטלען סאַבאָטירט די פאַראָרדענונג, האָבן די דייטשן גענומען יידן אַלס פאַרמיטלער. פאַר טאָנען צוקער האָבן יידן געבראַכט טאָנען אייער. דער דאָזיקער טויש־האַנדל איז אָנ־

געגאַנגען אין אַ גאַנץ גרויסן פֿאַרנעם. יעדעס שטעטל האָט געהאַט צוגעטיילט אַ געוויסע צאָל „שיינען" פֿאַר די פֿאַרמיטלער. מיטן אַנטשטיין פֿונעם געטאָ זענען נישט אַוועקגענומען געוואָרן פֿון די יידן די דאָזיקע שיינען, ווייל די דייטשן האָבן זיך אין דעם טויש־האַנדל געניטיקט. די אייער־הענדלער זענען געווען די זיכערסטע אויף די וועגן מיט זייער סחורה. צווישן די זעק צוקער און קאָסטנס אייער פֿלעגן ביי זיי אין די וועגענער זיך אויך געפֿונען זעקלעך תבואה. די יידישע אייער־הענדלער האָבן אויך פֿאַרבונדן איין שטעטל מיטן צווייטן איבערפֿירנדיק בריוו, פּעקלעך, ווי אויך פּערזענלעכע גרוסן צו קרובים. אַזוי אַרום האָבן די צעשיידטע פֿאַמיליעס געקאָנט אָנהאַלטן פֿון דער ווייטנס אַ קאָנטאַקט צווישן זיך.

אַ פּאָר יידן פֿון די פֿאַרמלחמה׳דיקע שמאַטע־הענדלער און גלעזער האָבן אויך באַקומען אַרומפֿאָר־שיינען. די דייטשן האָבן זיך גענויטיקט אין דעם שטאָף־אָפּפֿאַל פֿאַר זייער מיליטערישער טעקסטיל־פּראָדוקציע, וואָס האָט געליטן פֿון אַ שטאַרקן מאַנגל אין רוי־שטאָפֿן. די יידן פֿלעגן באַקומען צו ביליקע פּרייזן גלאָז און פֿאַרשידענע סאָרטן כלים. פֿאַר דעם פֿלעגן זיי צו־נויפֿזאַמלען איבער די דערפֿער פֿולע וועגענער מיט שמאַטעס. אין ספּעציעלע מאַגאַזינען אין געטאָ זענען די שמאַטעס געפּאַקט געוואָרן אין גרויסע באַלנס. נאָך דעם זענען זיי איבערגעגעבן געוואָרן דער דייטשער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט. אויך צווישן די פּעק שמאַטעס האָבן די יידן אַריינגעפֿירט אין געטאָ פֿאַרשידענע סאָרטן שפּייז. די דאָזיקע שמאַטע־הענדלער פֿלעגן טראָגן גרינגע לענטעס אויף די אָרעמס.

דורך די אַלע וועגן האָבן געצויגן אין געטאָ אַריין טראַנספּאָרטן שפּייז, וואָס האָט צונישט געמאַכט דעם גזר פֿון הונגער־טויט וואָס די דייטשן האָבן אַרויס־געגעבן אויף די יידן הינטער די דראָט־פֿאַרצוימונגען פֿון געטאָ...

## געטאָ-פּרנסות

נאָך דעם ווי ס'איז די יידן געלונגען צו געפינען געהיימע וועגן אַריינ־צוברענגען שפּייז אין געטאָ, האָט זיך ביי זיי געשטאַרקט דער מוט צו זאָרגן פאַר די אַנדערע טאָג־טעגלעכע באַדערפענישן. די אַלגעמיינע זאָרג איז גע־וואָרן — דאָס פאַרשאַפן זיך מינימאַלסטע מאַטעריעלע מיטלען, כדי צו קאָנען איבערטראָגן די שווערע צייט אין די שרעקלעכע געטאָ־באַדינגונגען. די דאָזיקע זאָרגן האָבן קודם־כל געהאַט די האַרעפּאַשנע מאַסן, וועלכע זענען נאָכן איינפירן דאָס געטאָ אויסגעשטעלט געוואָרן אויף אַ שווערן קאַמף פאַר זייער טאָג־טעגלעכן קיום.

פיל שניידערס, שוסטערס און קליינהענדלער, וועלכע האָבן אין די נייע באַדינגונגען פאַרלוירן זייער פּרנסה־קוועלע, האָבן זיך איבערגעוואָרפן אויף אַנדערע אַרבעטן. זיי זענען געגאַנגען צו שוואַרצער אַרבעט אויף דייטשע מיליטערישע פּלאַצוווקעס; הגם דער געהאַלט איז דאָרט געווען אַ נישטיקער, איז מען דאָך געגאַנגען צו דער אַרבעט, מיט דער כוונה אַרויסצוקריגן זיך פון געטאָ. פון פיל אַרבעטס־ערטער פלעגן די יידישע אַרבעטער מיטברענגען אין געטאָ אַריין ברען־מאַטעריאַלן, ווי האָלץ־אָפּפאַל און שטיקלעך קוילן. גאַנץ אָפט האָבן זיי אויך געפירט אַ געהיימען האַנדל מיט די דייטשע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיי פאַרקויפט פאַרשידענע קאָנסערוון, פעטס און שאָקאָלאַד. די קרוב צוויי הונדערט יידישע מענער און פרויען, וואָס האָבן געאַרבעט אין מיליטערישן שפּיטאַל — אַלס רוימער, גערטנער, וועשינס, און ביי אַנדערע אַרבעטן — האָבן דאָרט געפונען מיטלען צום לעבן פאַר זייערע משפּחה־מיטגלידער. אַרום דער שטאָט זענען געווען נאָך צענדליקער אַרבעטס־פּלעצער אין מיליטערישע פונקטן, ווו יידן האָבן געפונען קאַרגע מיטלען צו קאָנען איבערלעבן דעם טאָג.

די צאָל באַשעפטיקטע אויף די מיליטערישע אַרבעטס־פּלעצער האָט נישט געקאָנט אַרומנעמען אַלע נויט־ליידנדיקע, האָבן דעריבער פיל יידן זיך געכאַפּט צום געהיימען האַנדל, איבערהויפּט די, וואָס האָבן געוווינט לעבן די געטאָ־

דראָטן. פּאַליאַקן פלעגן פּאַרזיכטיק צוקומען פון דער אַרישער זייט צו די דראָטן און דורך די לעכער געפירט אַן אויסטויש־האַנדל. מען האָט געטוישט קליינע גאַלאַנטעריע־אַרטיקלען, ווי ניי־גאַרן, זאָקן, קאָפּ־טיכלעך א. א.וו. אויף פּוטער, עופות, מעל, אַרבעס, קאַשע. אַלץ איז געווען געפּאַקט אין אַזאַ גרויס, אַז עס זאָל קאָנען דורכגיין צווישן די דראָטן־לעכער. אַ טייל יידן האָט זיך גענומען צו אַ מער ריזיקאַלישער פּרנסה: זיי האָבן זיך אַרויסגעקריגן אויף דער אַרישער זייט, איבערגעטון ווי קריסטן. אין אַזאַ־אָ גאַנג איז מען געווען אויסגעשטעלט אויף אַ טויט־געפאַר. דער דראַנג צום לעבן איז אָבער געווען שטאַרקער ווי די שרעק פאַרן טויט.

אויף די דאָזיקע לעבנס־געפערלעכע וועגן זענען בעיקר געגאַנגען פרויען, מערסטנטייל — יונגע. זיי האָבן זיך אַרומגעבונדן די קעפּ מיט פּויערישע קאָפּ־טיכלעך און אַרויפגעצויגן אויף זיך דאָרפישע קליידלעך. אויף די הענט האָבן זיי אָנגעהאָנגען געפלאָכטענע קוישלעך. פיל פון די יידישע פרויען זענען צווישן די פּויערים אין די דערפער אָנגעגאַנגען ווי היימלאָזע קריסטינס, וואָס האָבן פאַרכאַפּט דעם אונטערגעגאַנגענעם יידישן האַנדל. געווען אָבער אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געלאָזט דערקענען פאַר יידישע. זיי האָבן אויסגעשטעלט אויף מענטש־לעכע מיטלייד־געפילן.

געווען אויך צווישן די פּליטים עלטערע יידישע פרויען, שוין באָבעס, וואָס האָבן זיך אָנגעטון אויפן האַלדז אַ קייטעלע מיטן בילד פון דער „הייליקער מוטער". זיי האָבן זיך אויסגעלערנט דעם „פּאַטשעזש", און זענען אַרומגעגאַנגען אין די דערפער פון טיר צו טיר. די פּויערים האָבן רחמנות געהאַט אויף די מלחמה־בעטלערינס. פון אַ גאַנצן טאָג אַרומשלעפּן זיך מיטן בעטלער־שטעקן און באַוועגן מיט די ליפּן, האָבן זיי צוזאַמענגעקליבן פולע טאָרבעס מיט ברויט, קאַשע, טרוקענע קעזן. צוריקגייענדיק אויף די וועגן צום געטאָ, האָבן די זעלבע ליפּן געשעפּטשעט יידישע תפילות, געבעטן גאָט, אַז דער זשאַנדאַר לאָלעק זאָל זיי, חלילה, נישט באַגעגענען. ווען עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט, אונטערן שוץ פון דער טונקלקייט, האָבן זיך די בעטלערינס דערנענטערט צום געטאָ. ערגעץ, דורך פאַרבאָרגענע לעכער, האָבן זיי זיך אַריינגעשלייכט צוריק אין זייערע מרה־שחורהדיקע היימען, וווּ אויסגעהונגערטע קינדערלעך האָבן געוואַרט אויף זייערע פולע טאָרבעס.

אין געטאָ איז אויך געווען אַ פּרנסה — פירן אומלעגאַלע מילעכלעך. די דייטשן האָבן אַלע מילן אין פּוילן אַרונטערגענומען אונטער אַ שאַרפער קאָנ־טראָל. ס'איז געווען שטרענג פאַרבאָטן צו מאָלן תבואה מער, ווי עס איז נויטיק געווען צום פאַרטיילן די ראַציע פאַר דער באַפעלקערונג. צוליב דעם פלעגט אין געטאָ אין גרעסטן טייל אַריינגעשמוגלט ווערן נישט געמאָלענע תבואה. ווי אַזוי מאַכט מען פון דעם קאָרן־מעל אויף ברויט? — די דאָזיקע שוועריקייט איז שנעל געלייזט געוואָרן. ס'איז באַוווסט געווען, אַז אין וואַרשעווער געטאָ ווערן אויסגעאַרבעט קליינע האַנט־מילעכלעך. דורך געהיימע וועגן האָבן סאָקאָ־

לאָוװער יידן זיך אָנגעהויבן פאַרשאַפן פון וואַרשעווער געטאָ אַזעלכע מאַשינדלעך, וואָס זענען אין זייער גרעסערן פאָרמאַט ענלעך געווען צו פלייש־מאַשינקעס. אַזאַ „מיל" האָט מען פעסט צוגעשרויפט צו אַ מאַסיוון טיש, און אַ גרויסע בלעך, אין פאָרם פון אַ לעיעק, האָט מען אָנגעפילט מיט תבואה. ביי דער קאָרבע איז געשטאַנען איינער פאַרקאַטשעט די אַרבל און געדרייט אַזוי לאַנג, ביז די הענט זענען אים מיד געוואָרן. דאַן האָט ער זיך געטויש מיט זיין שותף און אָפּגעטעטעמט ביי דער לייכטערער־אַרבעט פון איבערזופּן דאָס מעל. די „מילן" זענען געווען איינגעאָרדנט אויף בוידעם־שטיבלעך. אונטן האָבן ווייב און קינדער געוואַכט, לאָלעק אָדער סורדיק זאָל אַמאָל נישט דערהערן דעם גערויש פון מאַשינדל. אין דער נאַכט־פינצטערניש איז דאָס זעקל קאָרן־מעל אַריבערגעטראָגן געוואָרן צום בעקער. צוזאַמען מיטן לעגאַלן ברויט האָט דער בעקער אויסגעבאַקן אויך די אומלעגאַלע ברויטן פאַר די געטאָ־יידן.

די דאָזיקע מילעכלעך האָבן געבראַכט פיל נוצן, ווייל אין געטאָ פלעגט אָפט אַריינגעשמוגלט ווערן אַ זעקל קאָרן־מעל מיט אַ גרויסן פּראָצענט זאַמד... און ווען יידן האָבן געגעסן אַ ריין שטיקל ברויט, האָבן זיי געוווסט, אַז דאָס איז פון דער שווערער אַרבעט ביי די געהיימע מילעכלעך.

אַ באַזונדערס וויכטיקער פּרנסה־צווייג איז געווען די אומלעגאַלע זייף־פּראָדוקציע אין געטאָ. זייף, ווי אַן אַרטיקל פון ערשטן געברויך, איז שטאַרק נאָכגעזוכט געוואָרן אין אומלעגאַלן האַנדל. יידן האָבן דערזעען אין דעם אַ פּרנסה־קוועלע און אויך נייע מעגלעכקייטן אויף ווייטער אָנצוהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט דער אַרישער זייט.

געהיים, ווי פון אונטער דער ערד, זענען אויפגעקומען פאַבריקלעך פון זייף מיט שיינע אָפּגעדרוקטע עטיקעטן פון „פירמעס". האָט איינער געצייכנט זיין אויסאַרבעטונג מיט אַ „דזוואָן" (אַ גלאָק), איז אויסגעוואַקסן אַ קאָנקורענט מיט אַ „פּרימאַ דזוואָן". ווען איינער האָט אַרויסגעלאָזט אין מאַרק זייף מיט אַ נייער „מאַרקע", אַן אָדלער, איז געקומען אַ צווייטער און צוגעשטעלט צום אָדלער אַ נומער 1 און דערמיט געמאַכט חשובער זיין סחורה אויף דער אַרישער זייט...

כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צייט איז געווען די אויסאַרבעטונג פון איינעם אַ קאַלישער פּליט, אַ ספּעציאַליסט אין דער זייף־פּראָדוקציע נאָך פון פאַר דער קריג. ער האָט פּראָדוצירט זייף מיט זייער אַ שיינעם אויסזען. די „מאַרקע" פון דער געהיימער „פירמע" איז געווען אַ טויב, וואָס האָט סימבאָליזירט די האָפענונג אויף שלום און פרייהייט... אונטער דער טויב איז געווען אויסגע־דרוקט אַ „ג" מיט אַ „ד", דאָס האָט געדאַרפט הייסן: געטאָ — דלות... דעם דאָזיקן ייד האָב איך גוט געקענט. ווען עס האָט זיך באַוויזן אין געטאָ די ערשטע שטיקלעך זייף פון זיין אויסאַרבעטונג, האָבן זיך אַלע געהיימע זייף־פאַבריקן דערשראָקן צוליב דער גוטער קוואַליטעט און שיינעם אויסזען פון זיין סחורה, וואָס איז געווען שווער נאָכצומאַכן. די טיפּוס־עפּידעמיע האָט אָבער פאַרשניטן

דאָס לעבן פון דעם דאָזיקן יידן מיטן עקשנותדיקן ווילן דורך שעפערישער ענערגיע איבערצולעבן די גרויליקע געטאָ־צייט.

די אויסאַרבעטונג פון זייף איז געווען אַזוי שטרענג קאָנספּיראַטיוו, אַז אײן „פאַבריקאַנט" האָט אפילו נישט געוווסט פון צווייטן. די שוועריקייטן ביים אויסארבעטן דאָס דאָזיקע אַרטיקל זענען געווען — דאָס פאַרשאַפן דעם רוי־מאַטעריאַל, ווי אויך דאָס קאָכן דאָס פעטס, וואָס האָט פאַרשפּרייט אַרום זיך אַ שמאַלץ־ריח. די עיקר־מורא איז געווען פאַר די פוילישע און דייטשע פּאָ־ליצייאישע נעז — זיי זאָלן חלילה נישט דערשמעקן וואָס עס טוט זיך, ווייל אַנטדעקט ווערן מיט אַזאַ פאַבריקל האָט באַדייט טויט־שטראָף. פלעגן די זייף־פּראָדוצענטן אָפּוואַרטן מיטן קאָכן דאָס פעטס אויף רואיקע און קילע נעכט; ווען אַלץ אַרום איז געשלאָפן, האָט דאָס גאַנצע הויז־געזינד פון „פאַבריקאַנט" געוואַכט, אָפּגעהיטן פון פאַרדעכטיקטע טריט. מיטן אָנקומען פון טאָג זענען שוין געלעגן ערגעץ אין פאַרבאַרגענע לעכער נאָרוואָס פון די פאָרמעס אַרויס גענומענע גאַנצע שטויסן זייף־שטיקלעך מיט פאַרשידענע „פירמאָווע" סטעמפּלען.

אין געטאָ האָבן יידישע יינגלעך, אין עלטער פון צען־צוועלף יאָר, גענומען אַ גרויסן אָנטייל ביים פאַרשאַפן עסן פאַר די פרנסה־לאָזע שטוב־מענטשן. קינדער אין דעם עלטער זענען נישט געווען פאַרפליכטעט צו טראָגן די „שאַנד־לאַטע", האָבן זיי זיך געפילט דרייסטער און זיך באַוויגן צווישן די פּאָליאַקן אויף דער אַרישער זייט. די גאָר אָרעמע צווישן זיי זענען אַרומגעגאַנגען בעטלען און צוריקגעקומען מיט פולע טאַשן ברויט־שטיקלעך. אַנדערע קינדער האָבן אויסגעפילט שליחותן פון זייערע עלטערן צו די פּאָליאַקן, מיט וועמען זיי זענען געשטאַנען אין האַנדלס־באַציאונגען. די גאָר דרייסטערע צווישן זיי זענען געוואָרן פאַרבינדלער צווישן די פאַרשידענע מינים הענדלער אין געטאָ און די פּויערים אויפן גרויסן מאַרק. די קליינע האַנדלס־פאַרמיטלער זענען געוואָרן שותפים צו די „גרויסע" סוחרים. די קינדער האָבן זיך שנעל אויסגעלערנט די קונסט פון קאָנספּיראַציע. זיי האָבן געוווּנען דעם צוטרוי פון די פּויערים, וואָס האָבן זיך געלאָזט פירן נאָך זייערע פיסטריט צו די געהיימע ערטער, דורך וועלכע דער שמוגל פלעגט אַריין אין געטאָ.

איך וועל דערמאָנען איינעם פון די דאָזיקע קליינע העלדן, וואָס האָט געמאַכט דעם אָנהויב מיטן אַרויסגיין פון געטאָ און איז געווען צווישן די געוואַגטסטע און רירעוודיקסטע קינדער. מען האָט אים גערופן „דער לאָמער שכנא". איין פיסל איז ביי אים געווען קורצער און ער האָט געטראָגן אַ גרויסן שווערן שוך.

דער צוועלף־יעריקער שכנא איז געווען דער יונגסטער זון פון מיין ברודער אליהו חיים ע"ה — אַ גאַלאַנטעריע־קליינהענדלער אין די סטראַגאַנעס.

מיטן איינפירן דאָס געטאָ איז מיין ברודער אליהו חיים מיט זיין גרויסער משפחה אויסגעשטעלט געוואָרן אויף הונגער. די סטראַגאַנעס צוזאַמען מיט די

גוישע קונים זענען אַוועקגענומען געוואָרן פון די יידן.

דער קליינינקער שכנא האָט שטאַרק מיטגעלעבט דעם צער פון זיינע עלטערן. מער פון אַלע קינדער האָט אים ווי געטאָן, וואָס דער עלנד האָט זיך אַזוי אומברחמנותדיק צעלייגט אין אַלע ווינקעלעך פון זייער שטוב. נאָך פּיינפולע הונגער־טעג זענען געקומען אומרואיקע נעכט מיט בייזע חלומות, מיט שרעק פאַר דער אָנקומענדיקער נאָך גרעסערער נויט, ווען עס וועט שוין מער נישט זיין צו צעטיילן אַ פּענעצל ברויט פאַר אַזויפיל מיילער; ווען אויפן דנאָ פונעם הילצערנעם קעסטל וועלן שוין אויך נישט זיין די געציילטע קאַר־טאָפל. וואָס וועט זיין, ווען עס וועט זיך אויסלאָזן דאָס לעצטע ביסעלע סחורה? שכנא האָט זיך געקאָרטשעט פון ווייטיק און בייזע חלומות. ער האָט אין די נעכט געזען ווי אַלע שטוביקע גייען אַרום איינגעדאַרטע, מיט טויט־בלאַסע פּנימער, ווי זיי פאַרלירן לאַנגזאַם די כוחות, און פאַלן אַוועק מאַכטלאָזע.

— וואָס איז דיר מיין קינד? — האָט אים זיין טאַטע אַמאָל אין שלאָף געפרעגט מיט שרעק, דערפילנדיק לעבן זיך דעם יינגלס ציטער.

— ס'האָט מיר עפּעס געחלומט...

נאָך אַזעלכע נעכט איז דער קליינער שכנא פאַרפאַלן געוואָרן אויף גאַנצע טעג פון שטוב. שעהנלאַנג איז ער געשטאַנען לעבן דער געטאָ־צוים, אַרויס־געקוקט ווי אַ פויגעלע פון אַ שטייג אויף דער פרייער וועלט פון יענער זייט, דאָרט וווּ די גויים זענען אַרומגעגאַנגען פריי. ער האָט געדענקט די נאַר־וואָס פאַרגאַנגענע טעג, ווען זיין טאַטע האָט געהאַנדלט מיט די זעלבע גויים, גערופן זיי: קויפט! קויפט! זייף, זאָקן, קאָפּטיכלעך, פּלוצלינג, אין מיטן זיין פאַר־חלומטקייט איז, ווי אויסגעוואַקסן פון דער ערד, שטיין געבליבן אַנטקעגן אים אַ פויער; ער האָט טשעקאַווע געקוקט ווי די יידן דרייען זיך אַרום אין געטאָ. שכנא האָט אים אַ פרעג געטאָן צי ער וויל עפּעס קויפן.

— איך וויל קויפן אַ פּאָר הויזן.

— וואַרט צו, פּאַניע, איך קום גלייך מיט דער סחורה.

שכנא האָט אויף שנעל געברענגט צופירן אַ שניידער מיט אַ פּעקל אונטערן אָרעם. ער האָט זיך אַרויסגעגנבעט אויף דער אַנדערער זייט. פאַרשטעלט הינטער אַ וואַנט, האָט דער פויער אָנגעמאָסטן די הויזן. איין פּאָר איז געווען גענוג לאַנג און שכנא האָט פאַרהאַנדלט די סחורה. ער האָט דערביי פאַרדינט די ערשטע פּאָר זלאָטעס.

פול מיט פרייד אין זיין קינדעריש הערצל, איז שכנא אַריין צו אַ בעקער, געקויפט אַ לאַבן ברויט, באַהאַלטן אים אונטערן רעקל און מיט אַ שפּיציקן בויך איז ער אַ צעשטראַלטער געקומען צו לויפן אין שטוב.

— ווו ביזטו געווען אַ גאַנצן טאָג? — זענען אַלע מיט אַ מאָל אַרויפגעפאַלן אויף אים.

— ניין, כ'על זיצן הינטערן אויוון און צוקוקן ווי מ'ציילט־צו פאַר יעדן איינעם די פּאָר קאַרטאָפל! — וואָס מיינט איר, אַז איך קאָן נישט עפּעס פאַר־

דינען? — האָט שכנא אָפּגעענטפערט מיט זיין „אונטערן צינגל לשון". ער האָט גיך אויפגעהויבן די פּאָלעס פון רעקל, פון וואַנען עס האָט זיך אַרויסגעגליטשט אַן אויסגעברוינט קיילעכדיק ברויט.

— פון וואַנען האָסטו דאָס? — האָט אים זיין טאַטע געפרעגט אַ צעטומלטער.

— וואָס הייסט, פון וואַנען? איך האָב מיך אַריבערגעקריגן אויף יענער זייט, פאַרקויפט אַ פּאָר הויזן אַ גוי און פאַרדינט מעקלער־געלט. דאָס ברויט האָב איך פאַרדינט, נישט געגנבעט. האָץ נישט קיין מורא.

אונטערקלאַפּנדיק מיטן שווערן שוך אויף זיין הינקענדיקן פוס, איז שכנא מיט שטאָלץ צוגעגאַנגען צום טיש, אַוועקגעלייגט דאָס ברויט.

— האָסט זיך איינגעשטעלט דאָס לעבן פאַר אונז, מיין קינד — האָט זיין מאַמע אים געגלעט און אים אָנגעקוקט מיט אויגן איבערפולטע מיט טרערן...

— הערץ מיך אויף צו באַקלאָגן. לאָלעק און סורדיק האָבן מיך נאָך נישט געכאַפּט. און ווען זיי פּגרן אַוועק, וועלן זיי מיך נישט פּאַקן. כ'על מיך פאַר־שטעלן מיט אַ גויישק היטעלע. אַ קליינער בין איך, און קיינער וועט זיך אפילו נישט אומקוקן אויף מיר.

— ווי און ווינד צו אונז, וואָס פאַראַ צייטן מיר האָבן דערלעבט! — האָט שכנא'ס טאַטע געקרעכצט.

שכנא האָט צענומען די הענטלעך. עס איז אים ווייניק־וואָס אָנגעגאַנגען, וואָס די שטוביקע רעדן, מיט אַ פינגער האָט ער אויסגעצייכנט אויפן ברויט סימנים ווי אַזוי עס זאָל אויסקומען צעטיילט אויף גלייכע חלקים; פאַרן טאַטן מיט דער מאַמען — די גרעסטע פּאָרציעס... ביי דער שוואַרצער ציקאָריע־קאַווע מיטן ברויט האָט שכנא דערציילט, אַלע מאָל אויפשפּרינגענדיק פון דער שטול, ווי אַזוי ער האָט אונטערגעכאַפּט דעם קונה, ווי אַזוי ער האָט צוגערעדט דעם שניידער, ער זאָל מיטגיין מיט אים און ביז ער האָט זיך שוין דערוואָרט אויפן ריווח אין האַנט.

פון יענעם טאָג אָן איז דער לאָמער שכנא געוואָרן אַן אָפּטער אַרויסגייער אויף דער אַרישער זייט. מיט זיין דרייסטער רירעוודיקייט איז ער געוואָרן דער הויפּט־פּאַרמיטלער צווישן די פויערים און די תבואה־אויפקויפער אין געטאָ. שכנא איז פּאָפּולער געוואָרן אויף „ביידע זייטן". ער איז אָן שרעק אַרומ־געגאַנגען אויפן גרויסן מאַרק, צווישן די אָנגעפּאָרענע פערד און וועגענער, און נאָכגעזוכט זיינע באַקאַנטע פויערים, וואָס האָבן שוין אויף אים געוואַרט.

דער 12־יעריקער שכנא איז מיט גרענעצלאָזער מסירות־נפש אַנטקעגנ־געגאַנגען אַלע געפאַרן — אויך אין די ערגסטע צייטן אין געטאָ. ער האָט זיך קיינמאָל נישט אָפּגעשראָקן, איז גרייט געווען זיך מקריב צו זיין פאַר זיינע נאָענטסטע, פאַר וועמען ער איז געווען דער הויפּט־שפּייזער די גאַנצע צייט אין געטאָ — ביז דער פאַרניכטונג.

אין סאָקאָלאָווער געטאָ זענען געווען פיל אַזעלכע העלדישע יידישע קינדער, וואָס האָבן געטראָגן הילף פאַר זייערע נאָענטע.

# טיפוס-פלאָג

נאָך פאַרן איינפירן דאָס געטאָ, האָבן זיך שוין אָנגעהויבן ווייזן די ערשטע סימנים פון דער טיפוס־קראַנקייט אין סאָקאָלאָוו. מען האָט אויך געהערט וועגן פאַלן פון טויט פון טיפוס.

אין 1941, ווען די מלחמה איז באַנייט געוואָרן אויף די פוילישע געביטן מיט דעם דייטשישן אָנפאַל אויף די סאָוויעטן, האָט זיך דער קריגס־עלנט מיט אַלע זיינע באַגלייט־דערשיינונגען נאָך מער פאַרגרעסערט. באַלד נאָך דעם האָט זיך באַוויזן דער טיפוס אַלס אַלגעמיינע פלאָג. דער באַציל פון דער דאָזיקער שווערער קראַנקייט האָט נישט געמאַכט קיין נאַציאָנאַלן אונטערשיד.

די שטאָטישע דאָקטוירים, וואָס האָבן געהאַט די אויפגאַבע צו לאָקאַליזירן די קראַנקייט, האָבן געקאָנט פעסטשטעלן, אַז אין דער צייט, ווען יידן האָבן נאָך נישט געלעבט אַזוי ענג, איזאָלירט, זענען די טיפוס־פאַלן געווען צווישן גויים באַדייטנדיקער גרעסער ווי צווישן יידן.

די דייטשע מאַכט האָט אָנגעהויבן אַ ברייט־פאַרמאָסטענע „אויפקלערונגס"־אַקציע צו באַווייזן, אַז די טיפוס־באַצילן קומען נאָר פון יידן. דאָס איז אויפגעכאַפּט געוואָרן פון אַלע מינים היימישע אַנטיסעמיטן און מיטגעווירקט, אַז גרעסערע טיילן פון דער פוילישער באַפעלקערונג זאָלן זיך אָפּגרענעצן פון זייערע יידישע שכנים.

מיטן איינפירן דאָס געטאָ האָבן די דייטשן געוואָרנט די פּאָליאַקן מער נישט צו קומען אין באַרירונג מיט יידן, ווייל דער טיפוס קומט פון געטאָ. די טאָג־צייטונגען און אילוסטרירטע זשורנאַלן זענען געווען פול מיט קאַריקאַטורן פון ווילד־באַוואַקסענע יידן, מיט קאַלטונעס אין די בערד, פּיאות, די קעפּ באַזעצט מיט לייז... איבער די בילדער איז מיט אַ דיקע שריפט געווען געדרוקט: „אויסמיידן יידן — טיפוס!"

ביים מאַכן דעם פּלאַן פון געטאָ האָבן די דייטשן אויסגערעכנט, אַז דער שטח פאַר די טויזנטער יידן, וואָס האָט זיך געפונען אין שטעטל, זאָל זיין וואָס־קלענער. די כוונה איז געווען אַ קלאָרע: וואָס ענגער יידן וועלן זיין צוזאַמענגעפּאַקט — אַלץ מער אויסזיכטן אויף עפּידעמישע קראַנקייטן. אַלץ

מער טויטפֿאַלן. די אויסרעכענונגען זייערע האָבן געשטימט. די סאָקאָלאָווער ייִדן און די פּליטים, און שפּעטער אויך די אַריינגעטריבענע ייִדן פֿון די אַרומיקע דערפֿער, זענען פֿאַרשפּאַרט געוואָרן אין אַ קליינעם טייל פֿון דער שטאָט, צוזאַמענגעדריקטע אין ענגשאַפֿט — האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן מערן די טיפֿוס־קראַנקייט מיט אַלע אירע שרעקלעכע פֿאָלגן.

דער טיפֿוס האָט גענומען אַריינדרינגען צוערשט אין די ערטער, וווּ ייִדן האָבן געוווינט צו עטלעכע פֿאַמיליעס אין אַ צימער, צוזאַמען מיט קליינע קינדער. דאָס זענען געווען די אָרעמסטע שיכטן צווישן דער ייִדישער באַפֿעל־קערונג אין געטאָ.

דערביי דאַרף מען דערמאָנען, אַז נישט געקוקט דערויף, וואָס אַלע איינ־וווינער אין אַזעלכע ענגע שטובן זענען געווען צוזאַמען מיט די טיפֿוס־קראַנקע, געטאָגט און גענעכטיקט מיט זיי, האָט דאָך די קראַנקייט אויסגעמיטן דעם גרעסטן טייל פֿון זיי. דעם דאָזיקן פֿאַקט קאָן מען נישט צושרייבן דער מעדיצי־נישער רעטונגס־אַרבעט, אָדער די היגיעניש מיטלען — וואָס זענען אין אמתן, אַנטקעגן פֿאַרנעם פֿון דער קראַנקייט, געווען נישטיק.

איך וויל דערמאָנען אייניקע ערטער, וווּ עס האָט אויף דעם געביט גע־הערשט אַ שוידערלעכער צושטאַנד.

דער אַלטער בית־המדרש איז געווען איבערפֿולט מיט פּליטים. דאָ האָט געוווינט דער אָרעמסטער טייל פֿון די מאַסן היימלאָזע אין סאָקאָלאָוו. דריי און פֿיר־שטאָקיקע הילצערנע פּריטשע־בעטן זענען געווען אויסגעשטעלט אין לאַנגע רייען, מיט שמאָלע דורכגענג צווישן זיי. יעדעס ווינקל איז דאָרט געווען פֿאַרשטאָפּט מיט פּעק און זעק.

די ערשטע צייט פֿון זייער אָנקומען קיין סאָקאָלאָוו, זענען די פּליטים איינקוואַרטירט געוואָרן אין יעדער ייִדישער שטוב וואָס האָט אַנטהאַלטן מער ווי איין צימער. אַ געוויסע צאָל פּליטים איז פֿאַרבליבן אין בית־המדרש האָפֿנ־דיק אויף אַ בעסער מקום־מנוחה. ווען דער צושטראָם פֿון היימלאָזע האָט זיך פֿאַרגרעסערט, איז אין שטעטל די ענגשאַפֿט געוואָרן אין לשער.

מיטן איינפֿירן דאָס געטאָ זענען די דאָזיקע פּליטים שוין געבליבן שטענ־דיקע איינוווינער אין אַלטן בית־המדרש. זיי האָבן משפּחה'ווייז פֿאַרנומען די פּריטשע־בעטן.

ווען די עפּידעמיע איז אויסגעבראָכן, האָט זי דעם ערשטן טויט־שניט געמאַכט אין דעם דאָזיקן מקום־מקלט, צווישן אָט די הונדערטער פּליטים.

אויף ראַגאָווסקע 32, לעבן יואלקע גילבערגס הויז, איז געשטאַנען אַ נידעריקער שפּייכלער, ווי אַ גרויסער הילצערנער קאַסטן. פֿאַר דער קריג האָט דאָס אָרט געדינט פֿאַר יואלקע גאַרבער אויף צו האַלטן דאָ זיינע פֿעלן. ווען ס'זענען אָנגעקומען מאַסן פּליטים, איז דער שפּייכלער פֿאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַ דירה. די ערשטע צייט האָבן דאָרט געוווינט צוויי קאַלישער פּליטים־פֿאַמיליעס פֿון זיבן נפֿשות, צווישן זיי — צוויי קליינע קינדער. אין

דער צייט פון געטאָ איז אַהער צוגעקומען נאָך אַ משפחה פון פינף דערוואַק־סענע מענטשן.

די טיפוס־עפּידעמיע האָט נישט אויסגעמיטן אויך דאָס אָרט. די סאַניטאַרן האָבן אַרומגעצוימט די איינוווינער, איזאָלירט זיי, און אויסגעשפּריצט אַרום און אַרום מיט קאַרבאָל. אינעם שפּיכלער זענען געווען אויסגעלייגט אַ טייל קראַנקע אין די פּאָר „בעטן", צונויפגעקלאַפּטע פון קעסטלעך. די איבעריקע קראַנקע, פאַר וועלכע ס'איז נישט געווען קיין אָרט אויפצושטעלן אַ בעט, האָבן זיך אַרומגעדרייט אין דעם אַרומגעצוימטן שטח, מיט הויכן פיבער און געפאַלן פון די פיס.

אין איבערפולטן געטאָ־שפּיטאָל איז קיין אָרט נישט געווען פאַר אַלע קראַנקע. דער איינציקער, וואָס האָט געמאַכט „פּלאַץ" פאַר די הילפלאָזע מענטשן, איז געווען דער מלאך המוות, וואָס האָט אויסגעליידיקט די בעטן פון די ערשטע קראַנקע.

אויף דער ראַגאָווסקע, אין שכנות פונעם אָרט, ווו איך האָב געוווינט, איז געשטאַנען אַ טייל פון אַ באָמבאַרדירט הייזל. יידישע פּליטים האָבן דאָ אויס־געפונען פאַר זיך אַ ווינקל, ווו ס'האָט זיך קוים געלאָזט אויפשטעלן אַן אַרויס־רוק־בעט פאַר דריי מענטשן.

בעת דער עפּידעמיע איז איינער פון זיי קראַנק געוואָרן. דאָס זעלבע בעט האָט ווייטער געדינט פאַר דער גאַנצער משפּחה. דער פאָטער פון דער פאַמיליע איז פון דער קראַנקייט געשטאָרבן. די מוטער האָט דערנאָך אויף דעם זעלבן אָרט דורכגעמאַכט די קראַנקייט און זייערס אַ מיידעלע פון זעקס יאָר איז אַרויס אַ געזונטע.

די טיפוס־עפּידעמיע האָט דורכגעמאַכט דער גרעסערער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג. די שווערע וווינונגס־ און לעבנס־באַדינגונגען, דער שטאַרק־קאַלטער ווינטער, די אומצאָליקע טויט־פאַלן — דאָס אַלץ צוזאַמען האָט שווער געדריקט אויפן פּסיכישן צושטאַנד פון געטאָ־ייד. יעדער האָט גע־ציטערט, אַז די מגיפה זאָל זיך נישט אויסשפּרייטן אויך אויף אים. אין געטאָ האָט מען דערציילט, אַז די לייז, וואָס טראָגן אין זיך די טיפוס־באַצילן, האָבן רויטע בייכלעך. ס'איז געווען געוווּנג, אַז עס זאָל ווער דערפילן אַ שטאָך אויפן לייב, האָט ער באַלד אויפן אָרט אָנגעהויבן אַ געיעג נאָך דער לויז, פעסטצו־שטעלן צי זי איז מיט אַ שוואַרץ אָדער רויט בייכל. די הענט האָבן געציטערט ביי דער „אונטערזוכונג..." אויב, חלילה, איז עס געווען אַ „רויטבייכיקע", האָט מען גענומען ציילן ביז 14 טעג (אַזוי לאַנג דויערט ביז די קראַנקייט קומט אַרויס). אויב מ'האָט געקריגן הויכן פיבער, האָט מען זיך באַטראַכט פאַר אַ טיפוס־קראַנקן. דורך די צוויי וואָכן פון וואַרטן האָט מען זיך באַזאָרגט מיט אַ פּלאַץ צום ליגן ערגעץ־ווו אין די ענגע שטיבלעך. מ'האָט געקוקט מיט ציטערניש אויפן אייגענעם בעט, אָדער אויף דער פּאָדלאָגע, ווו מ'האָט גע־טראַכט זיך צו קאָנען אַוועקלייגן אַלס קראַנקער. די פּאַניק־שטימונג אין די טעג

האָט זיך אויסגעמישט מיט שרעקלעכע פאַרשטעלונגען אין די נאַכט־חלומות, אין וועלכע מ׳האָט זיך שוין געזען, ווי אַ פּעקל שמאַטעס אויף דעם בית־הקברות, אין די הענט פון באַגרעבער. אָפט האָבן זיך די אויסרעכענונגען און שרעק פאַר דער קראַנקייט אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט. זיי זענען ס׳רוב געווען אַ רעזול־טאַט פון פּסיכישער צעשרויפטקייט. דער פּערצענטער טאָג פלעגט אין רוב פאַלן קומען אָן פיבער, הגם אין פיל פאַלן האָט זיך די שרעק אַרויסגעוויזן פאַר ריכטיק.

אין יענער צייט האָבן יידן אין געטאָ געגלויבט, אַז בראַנפן און ציבעלע זענען אַ גוט מיטל קעגנצווווירקן די טיפוס־קראַנקייט. די בעסער־סיטואירטע האָבן דעריבער געטרונקען בראַנפן, און דווקא 96ער. די אָרעמע האָבן געגעסן ציבעלע מיט קנאָבל. צוליב דעם פלעגט שטייגן דער פּרייז פון די דאָזיקע אַרטיקלען און אַ סך מאָל האָבן זיי אויסגעפעלט. דאָס האָט געדויערט אַזוי לאַנג ביז די רפואה האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט מער ווי אַן איינרעדעניש. אַ סך טרינקערס האָבן זיך אַוועקגעלייגט קראַנק, נישט פון בראַנפן, נאָר טאַקע פון טיפוס, און פיל ציבעלע־ און קנאָבל־עסער זענען געלעגן קראַנק מיט אַ ביטערן טעם אין מויל... נאָך דעם האָט מען אָנגעהויבן שמועסן, אַז אימונירט קעגן דער קראַנקייט זענען בלויז די, וואָס זענען שוין אין זייער לעבן איין מאָל קראַנק געווען אויף טיפוס; האָט יעדער זיך געגומען דערמאָנען קראַנקייטן פון זיינע קינדער־יאָרן. און האָט איינער אויסגעפונען אין זיין פאַרגאַנגענהייט אַ שוין דורכגעמאַכטן טיפוס, איז ער אַרומגעגאַנגען מיט אַ געפיל, ווי ער וואָלט גע־טראָגן אַ „פּאַנצער״ קעגן דער עפּידעמיע.

ווי שוין דערמאָנט, האָט די עפּידעמיע פון אָנהויב אָנגעגריפן מענטשן פון די געדיכט־באַוווינטע ערטער. דערנאָך איז זי אַריינגעדרונגען אפילו אין אַזעלכע ערטער, ווו מ׳האָט זיך, דורך אָננעמען פאַרשידענע פאַרזיכט־מיטלען, אָמשטאַרקסטן אויסגעהיטן פון דער קראַנקייט. אין אַלע פאַלן, ווען די קראַנ־קייט האָט אַרויסגערופן אַ קאָמפּליקאַציע, איז די שטערבלעכקייט געווען אומ־פאַרמיידלעך, אפילו ביי יעניקע, וואָס האָבן געהאַט די מעגלעכקייטן זיך צו פאַרזאָרגן אַ בעסערע מעדיצינישע באַהאַנדלונג. די ערשטע צייט, ווען די עפּידעמיע האָט אָנגענומען אַן ערנסטן פאַרנעם, האָבן זיך געשראָקן פאַרן טויט — די פון הונגער־אויסגעמאַטערטע, פיזיש־אָפּגעשוואַכטע, מיט ווייניקער ווי־דערשטאַנדס־כוח. אין פאַרלויף פון דער עפּידעמיע האָט זיך אָבער אַרויס־געוויזן, אַז די אָפטע טויט־פאַלן נעמען זיך פון אַ מוח־אַנטצינדונג־קאָמפּליקאַציע. די דאָקטוירים זענען קעגן דעם געווען הילפלאָז.

## אנטלויזונגס-שיינען

אין דער צייט, ווען אין געטאָ האָט געבושעוועט די טיפוס־עפּידעמיע, האָבן יידן זיך באַמיט אויסצובאַהאַלטן מיט דער קראַנקייט, די שמועה וועגן דער

עפידעמיע זאָל נישט דערגיין צו דער פוילישער באַפעלקערונג, און בפרט צו דער דייטשער מאַכט, זיי זאָלן כאָטש נישט וויסן דעם גאַנצן אמת וועגן דער מגיפה און איר פאַרנעם. אויף דער אַרישער זייט האָבן די דייטשן, צוזאַמען מיט די פוילישע אַנטיסעמיטן, פאַרשפּרייט די גיפט־פּראָפּאַגאַנדע, אַז יעדער ייד איז אָנגעשטעקט מיט טיפוס. אין צענטער פון דער שטאָט זענען געווען אויסגעקלעפּט פּלאַקאַטן מיט קאַריקאַטורן פון באַוואַקסענע און פאַרלייזיקטע יידן, מיט איבערשריפטן: „פאַרשפּרייטער פון טיפוס". דאָס האָט אָפּגעשראָקן די פינצטערע פוילישע מאַסן. ס'האָט געדראָט, יידן זאָלן אינגאַנצן פאַרלירן דעם קאָנטאַקט מיט דער אַרישער זייט,אפילו יענע יידן, וואָס האָבן געהאַט דערלויבענישן אַרויסצוגיין פון געטאָ. יידן האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן פירן אַן אויפקלערונג צווישן דער פוילישער באַפעלקערונג, אויפווייזנדיק איר דעם ציל פון דער דייטשער העצע. די דאָזיקע קעגן־אויפקלערונג איז געפירט געוואָרן אינדיווידועל, דורך יעדן איינעם ייד, וואָס איז נאָר געקומען אין קאָנטאַקט מיט אַ פּאָליאַק. דער געהיימער האַנדל האָט אויך מיטגעהאָלפן קעגנצווווירקן דעם בילבול. פּאָליאַקן, וועלכע זענען אין די נעכט אַריינגעקומען צו יידישע הענדלער, האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט צו זען מיט די אייגענע אויגן נישט אַזעלכע טיפן יידן, וואָס זענען געווען העסלעך צעשמירט איבער די אילוסטרירטע זשורנאַלן און אויף די ווענט. די באַמיאונגען נישט צו פאַרלירן דעם קאָנטאַקט מיט דער אויסערלעכער וועלט, זענען נישט געווען אומזיסט. די יידישע אויפ־קלערונג האָט גוט געווירקט און געהאָלפן נישט צו ווערן פולשטענדיק אָפּ־געשניטן פון דער פוילישער זייט, אפילו אין גרעסטן קריזיס פון דער מגיפה אין געטאָ.

ערגער איז געווען מיט די דייטשע סאָלדאַטן, וואָס האָבן בלינד געגלויבט, אַז דער טיפוס קומט נאָר פון „יידישע באַצילן". קעגן דעם פינצטערן גלויבן פון די זעלנער האָט מען זיך נישט געקאָנט אַנטקעגנשטעלן מיט אויפקלערונג. דאָס ווירקזאַמסטע מיטל אָנוועקצונעמען דעם פחד פון די זעלנער, זענען געווען די אַזוי־גערופענע „אַנטלויזונגס־שיינען", אַרויסגעגעבן דורך דער סאַניטאַר־אָפּטיילונג ביים יודנראַט, מיט דער אונטערשריפט פון ד"ר האַלצער. אויף אַזאַ „שיין" איז געווען אָנגעגעבן, אַז זיין באַזיצער היט־אָפּ אַלע היגיענישע פאָרשריפטן און איז „פריי" פון אָנשטעקנדיקע לייז. פאַר אַ דייטשישן סאָלדאַט איז דאָס דאָזיקע פּאַפּירל געווען מאַסגיביק, אַ געגנוגנדיקער באַווייז, אַז ער קאָן קומען אין באַרירונג מיט דעם דאָזיקן „יודע"...

נישט זעלטן זענען מיטגלידער פון קראַנקע משפחות געגאַנגען פרייוויליק אויף צוואַנג־אַרבעט, בעת זיי זענען שוין אויך געווען האַלב־קראַנק. מען האָט זיך באַזאָרגט מיט אַן „אַנטלויזונגס־שיין" און דאָס האָט דערמעגלעכט גיין צו דער אַרבעט. די כוונה איז געווען מיטצוברענגען פון דער אַנדערער זייט עפּעס צו נעמען אין מויל אַריין פאַרן קראַנקן.

# מעדיצינישע הילף אין געטאָ

אין דער מעדיצינישער אָפּטיילונג ביי דער סאָציאַלער הילף פון יודנראַט זענען געווען טעטיק איין דאָקטאָר מיט צוויי פעלדשערס. זיי האָבן באַדינט אַ באַפעלקערונג פון קרוב צען טויזנט יידן.

אין אָנהויב פון דער עפּידעמיע זענען געשאַפן געוואָרן אין געטאָ צוויי שפּיטאלן. איינער, דער גרעסערער, אין ביאַלילעווס הויז, אויף דער ראָגאָווסקע; דער צווייטער — אין עזרת נשים פון אַלטן בית המדרש.ביידע שפּיטאָלן האָבן צוזאַמען געקענט אויפנעמען ביי אַ פופציק קראַנקע.

כדי צו באַקומען אַ באַגריף וועגן פאַרנעם פון דער רעטונגס־אַקציע בעת דער טיפוס־עפּידעמיע, וועט גענוג זיין צו דערמאָנען, אַז בלויז אויף דער ראָ־גאָווסקע־גאַס זענען אין יעדן דריטן הויז געבליבן ליגן טיפוס־קראַנקע, ווייל נאָר אַ קליינער טייל פון די קראַנקע האָט זוכה געווען צו אַ שפּיטאָל־בעט. ביי דעם צושטאַנד, דאַרף מען נאָך געדענקען, איז די פוילישע אַפּטייקן געווען שטרענג פאַרבאָטן צו פאַרקויפן מעדיקאַמענטן פאַר יידישע קראַנקע. אויך פוילישע דאָקטוירים האָבן נישט געטאָרט באַהאַנדלען אַ יידישן קראַנקן. אין געטאָ פלעגן זייער אָפּט אויספעלן איינשפּריצונגען קעגן טיפוס און אַנדערע מעדיקאַמענטן. אין אַזאַ מצב זענען די קראַנקע געלעגן מיט הויכן פיבער און געוואַרט אויף אַ וויזיט פון דאָקטאָר.

צום גוטן דאַרפן דערמאָנט ווערן צוויי סאָקאָלאָווער פוילישע אַפּטייקן, וואָס האָבן אין געהיים געבראָכן דעם דייטשן פאַרבאָט צו פאַרקויפן יידן מעדיקאַ־מענטן. באַזונדער האָט דאָס געטאָן די נייע אַפּטייק אויף דער פּיעראַצקע. דאָרט האָט דער פוילישער אַפּטייקער פעליקס גאַלאַך איינגעאָרדנט אַ באַ־זונדערן זייטיקן צוגאַנג פאַר יידן, — ווו זיי האָבן באַקומען די רעצעפּטן דורך אַ ספּעציעל פענצטערל אין אַ הינטער־טיר.

מיט פיל כבוד דאַרף אויך דערמאָנט ווערן דער שעדלעצער פוילישער דאָקטאָר, יוזעף בוטשינסקי, וועלכער האָט געהאַט דאָס רעכט צו באַזוכן דעם

געטאָ. דער דאָזיקער אײדעלער דאָקטאָר פלעגט גאַנץ אָפט קומען פון שעדלעץ אין סאָקאָלאָווער געטאָ אַרײַן, כּדי צו באַהאַנדלען טיפוס־קראַנקע, וואָס האָבן געהאַט שווערע קאָמפּליקאַציעס. פאַרשטענדלעך, אַז מען האָט אים אַרויס־גערופן בלויז צו אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט מאַטעריעלע מעגלעכקייטן און געקאָנט באַצאָלן פאַרן וויזיט. עס זענען מיר אויך באַקאַנט אײניקע פאַלן, ווען ד״ר בוטשינסקי האָט באַזאָרגט אין סאָקאָלאָווער געטאָ אַרײַן אײַנשפּרי־צונגען און פאַרשידענע רפואות, וואָס האָבן דאָ זייער אָפט אויסגעפעלט. אין יענער צייט איז ד״ר בוטשינסקיס האַנדלונג געווען אַ מוסטערהאַפטער מענטשלעכער טאַט כּלפּי די געפּייניקטע געטאָ־ייִדן.

אין געצײלטע פאַלן, נאָך גרויסע באַמיאונגען, פלעגט אויך דער סאָקאָ־לאָווער פּוילישער דאָקטאָר פּערלאָווסקי, קומען אין געהיים צו ייִדישע קראַנקע אין געטאָ.

די הומאַניטאַרע באַציאונג צו די געטאָ־ייִדן מצד די געצײלטע פּוילישע דאָקטוירים, איז אָפט געשטערט געוואָרן דורך פּוילישע אַנטיסעמיטן. איך וועל דערציילן אַ כאַראַקטעריסטישן פאַל, וואָס איז געשען מיט ד״ר לעוויטע.

ביז סוף 1941 איז אין סאָקאָלאָוו נישט געווען קיין ייִדישער דאָקטאָר, און ייִדן פלעגן זיך לאָזן באַהאַנדלען פון פּוילישע דאָקטוירים. דעמאָלט איז זייער פּאָפּולער געווען ביי סאָקאָלאָווער ייִדן ד״ר לעוויטע, דער געוועזענער פאָ־וויאַטאָווער דאָקטאָר. ער פלעגט קומען היילן ייִדן נישט צוליב ייִדן־פריינט־שאַפט, נאָר ווייל ער האָט געהאַלטן אַז אַלס דאָקטאָר, מוז ער דערפילן זיין פליכט אין באַצוג צו יעדן קראַנקן.

חדשים־לאַנג האָבן ייִדן אָנגעהאַלטן באַציאונגען מיט ד״ר לעוויטע. ער האָט זיך געלאָזט גוט באַצאָלן און איז געווען זיכער, אַז וועגן זיינע וויזיטן ביי ייִדן ווייס קיינער נישט, ווייל ער האָט דאָס געטון געהיים, פאַרבאָרגן. ער האָט נישט געוווסט, אַז אויגן פון שונאי ישראל פאָלגן אויפמערקזאַם נאָך וואָס ער טוט. געווען פאַליאַקן, וואָס האָבן פאַרנאָטירט געניי די נעמען פון די ייִדישע פּאַציענטן, ווער מען ער גיט מעדיצינישע הילף. האַרט פאַרן איינפירן דאָס געטאָ, האָט מען פלוצלינג דעם דאָקטאָר געגעבן צו וויסן פון דער דייטשער מאַכט, אַז ער ווערט באַטראַכט פאַר נישט קיין הונדערט־פּראָצענטיק כשר׳ן אַריער, דעריבער ווערט ער אויפגעפאָדערט, צוזאַמען מיט די ייִדן זיך אויך אַרייַנ־צוציען אין געטאָ. דער באַפעל איז געווען אַ שטרענגער און מען האָט אים פאַראָרדנט תיכף אויסצופירן אים. מען האָט אים אָבער נישט פאַרפליכטעט צו טראָגן דעם ייִדישן „שאַנד־צייכן״ אויף דער לינקער האַנט, ד. ה. די ווייסע לענטע מיטן בלויען „מגן דוד״.

ד״ר לעוויטע איז געוואָרן דערשיטערט פון דער פלוצלינגער „בשורה״, אַז אין זיינע אָדערן פליסט ייִדיש בלוט.

די דייטשע מאַכט האָט פאַראָרדנט דעם יודנראַט, ער זאָל אין געטאָ פאַר־שאַפן אַ וווינונג פאַר ד״ר לעוויטע. ייִדן האָבן זיך נאָך מער צוזאַמענגעפּרעסט

און פריי געמאַכט אַ צוויי־צימער־דירה ביי דוד פאַרבשטיין (דער מאַלמעטיקער) אין הויז. די שטראָף איז געווען בלויז קעגן דאָקטאָר אַליין; זיין פרוי און קינדער האָבן געמעגט בלייבן וווינען אויף דער אַרישער זייט. ד״ר לעוויטעס פרוי האָט אָבער אָפּגעוואָרפן די פּריווילעגיע און צוזאַמען מיט איר מאַן און קינדער איז זי אַריין וווינען אין געטאָ.

די סאָקאָלאָווער יידן האָבן אָפּגעדינט ד״ר לעוויטען מיט דער גרעסטער מאָס פריינדלעכקייט און אָנערקענונג פאַר זיין היילן יידישע קראַנקע. דעם דאָקטאָר מיט זיין פאַמיליע האָט די גאַנצע צייט נישט אויסגעפעלט קיין שפייז צום לעבן.

ס׳איז דעמאָלט שווער געווען צו דערגיין, ווער פון די סאָקאָלאָווער אַנטי־סעמיטן עס האָט אים געמסרט פאַר דער דייטשער מאַכט. געוווסט האָט מען, אַז ד״ר לעוויטע האָט זיך איינגעקויפט פיל שונאים צווישן די פּאָליאַקן פאַרן היילן יידישע קראַנקע. און אַז דאָס גורם זיין חרפּה אים און זיין פאַמיליע איז געווען אַ נקמה־אַקט פון יענע קרייזן. אין געטאָ האָט מען פיל גערעדט, אַז דאָס האָט אים צוגעדינט דער נאַזי־ און אויערן־דאָקטאָר ווישאָמירסקי, וועלכער איז געווען באַקאַנט פאַר אַ יידן־פיינט און פאַר אַ פערזענלעכן שונא פון ד״ר לעוויטע.

נאָך די ערשטע פאַר וואָכן לעבן צווישן די יידן, האָט זיך ד״ר לעוויטע באַקענט פון דער נאָענט מיט דער גרויסער טראַגעדיע פון געטאָ־לעבן. ער האָט זיך אָנגעהויבן שרעקן פאַר דעם גורל, וואָס עס דערוואַרט אים צוזאַמען מיט די יידן. זייענדיק אין אַן ענגן קאָנטאַקט מיט זיינע פריינט און באַקאַנטע אויף דער אַרישער זייט, איז אים געלונגען ביי זיי צו פּועלן, אַז זיי זאָלן אָנהויבן אַן ענערגישע אַקציע אַרויסצונעמען אים מיט זיין פאַמיליע פון הינטער די דראָטן. ער האָט אומאויפהערלעך גערופן נאָך זייער הילף.

חדשים האָבן געדויערט זייערע באַמיאונגען אין דער זאַך. ווי מען האָט דעמאָלט געשמועסט אין געטאָ, האָט ד״ר לעוויטע טאַקע געשטאַמט פון יידן אין ביאַליסטאָקער געגנט. זיינע שונאים האָבן נאָכגעפאָרשט אין די אַרכיוון זיין געבורט־צייגניש און אָפּשטאַם־דאָקומענטן. פון זיי זענען די דייטשן דער־גאַנגען, אַז זיין אָפּשטאַמונג איז אַ יידישע. דעריבער איז דאָס צוריק־אַרויסבאַ־קומען אים פון געטאָ צוגעגאַנגען גאַנץ שווער. לויט דעם ראַסן־קאָדעקס האָט אים געזאָלט צופעלן איין דור, אַז ער זאָל קאָנען אָנגיין אַלס ריינער אַריער. זיינע פריינט זענען אָבער נישט מיד געוואָרן; זיי האָבן אַפּעלירט צו דער העכערער דייטשער מאַכט אין וואַרשע. דאָרט איז שוין אַזוי געמאַכט געוואָרן, אַז ער איז פון פערטן קריסטלעכן דור, און ד״ר לעוויטען מיט זיין פאַמיליע איז לסוף צוריקגעגעבן געוואָרן די פרייהייט. צוויי חדשים פאַר דער פאַרניכטונג האָבן זיי פאַרלאָזט דאָס געטאָ.

## ד״ר לודוויק האַלצער

דער יידישער דאָקטאָר לודוויג האַלצער האָט פאַר דער קריג פּראַקטיצירט אין שטעטל לענטשיץ. אין 1941 האָט ער געלעבט אַלס פּליט אין וואַרשעווער געטאָ. דער יודנראַט האָט אים אַראָפּגעברענגט קיין סאָקאָלאָוו. דאָס איז געווען האַרט פאַרן איינפירן ביי אונז דאָס געטאָ.

ד״ר האַלצער איז געווען אַ מענטש אין די פופציקער יאָרן. אַ הויכער, ברייטוואוקסיקער און עלעגאַנט געקליידעט. אין זיין שטאָלצן אָנגעצויגענעם גאַנג האָט זיך געמערקט גאווה און אַ גרויס־האַלטן־זיך.

ד״ר האַלצער האָט די קורצע צייט אין סאָקאָלאָוו געלעבט, ווי אין אַ פרעמדע סביבה. בטבע אַן אָפּגעזונדערטער מענטש, מיט אַסימילאַטאָרישע נייגונגען, האָט ער נישט געקאָנט זיך איינלעבן מיט די שטעטלדיקע יידן. אפילו מיט זיינע געהילפן, די צוויי פעלדשערס, האָט ער געהאַט אָפטע קאָנ־פליקטן. ער איז געווען פול מיט קאַפּריזן און האָט איבערגעשאַצט זיינע מעדיצינישע קענטעניש. ער פלעגט קרום קוקן אויף די יידן, וואָס האָבן אים אָפט נישט צוגעטיילט זיין פאַרלאַנגטן כבוד און פאַרערונג.

ד״ר האַלצער האָט פאַר זיינע וויזיטן ביי קראַנקע גענומען לויט אַ „פרייז־קוראַנט״, צוגעפּאַסט צו דער אַלגעמיינער פרייזן-שטייגערונג. די סומע איז פאַר אַלע געווען גלייך, אפילו פאַר אַזעלכע קראַנקע, וואָס האָבן פאַרקויפט די לעצטע מלבושים מיט דעם קישן פון אונטערן קאָפּ כדי זיך צו קענען ראַטעווען פון דער טיפוס-קראַנקייט. נישט געווען קיין איין פאַל ביי אים פון אַ נישט־באַצאָלטן וויזיט ביי אַן אָרעמען קראַנקן. פאַר באַזוכן קראַנקע אין אָרעמע שטיבן, וו ס׳איז נישט געווען די מינימאַלסטע מאַטעריעלע מעגלעכקייט צו באַלוינען דעם דאָקטאָר, האָט אים דער יודנראַט געמוזט באַצאָלן.

ד״ר האַלצער איז נישט געווען באַרופן צו אַזאַ גרויסער מאָראַליש־געזעלשאַפטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס איז אים איבערגעגעבן געוואָרן אַלס דעם איינציקן דאָקטאָר אין אַזאַ יידישן קיבוץ. סאָקאָלאָווער יידן האָבן אים פיינט געהאַט פאַר זיין האַרצלאָזער געלט-גיריקייט. פאַר זיין אָנפילן זיך די טאַשן פון יידישע ליידן און נויט. נישט געווען ביי אים דאָס מיטפילן די ליידנדיקע אין דעם ים פון מענטשלעכע צרות.

ד״ר האַלצער האָט שטאַרק געגלויבט, אַז ווער ע׳ס וועט האָבן מער געלט־מיטלען — יענער וועט קאָנען אויסהאַלטן און איבערלעבן און די דאָזיקע מיטלען האָט ער מיט אַלע כוחות זיך פאַרשאַפט אין סאָקאָלאָווער געטאָ.

אַ פאַר פאַקטן וועלן בולטער מאַכן ד״ר האַלצערס באַציאונג צו זיינע פּאַציענטן: אויף ראַגאָווסקע 34 האָט געוווינט אַ פּליטים־פאַמיליע פון לאָדזש, וואָס איז גוט באַקאַנט געווען צווישן די סאָקאָלאָווער יידן. ביי דער פאַמיליע איז אין געטאָ געבוירן געוואָרן אַ קינד. ד״ר האַלצער האָט באַהאַנדלט די פרוי. ער האָט זי אָבער דערפירט צו אַן אַלגעמיינער בלוט־פאַרגיפטונג. סאָקאָלאָווער

יידן, וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט פֿאַרן לעבן פֿון דער יונגער פֿרוי, האָבן געבראַנגט צו דער קראַנקער אין געטאָ דעם פּוילישן אַקושער, דאָקטאָר פּערלאָווסקי. צו דעם קאָנסיליום איז אויך געווען איינגעלאַדן ד״ר האָלצער. ער האָט זיך אָבער קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט קומען צו דער קראַנקער, אָננעמענדיק דעם פֿאַל פֿון איינלאַדן נאָך אַ דאָקטאָר אַלס גרינגשעצונג כלפּי אים.

אַ לאָדזשער פּליט האָט באַקומען אַן אָנצינדונג אין דער נאָז. ד״ר האָלצער, ביי וועמען דער קראַנקער האָט זיך באַהאַנדלט, האָט אים געהייסן מיט אַ פּינצעט אַרויסרייסן די האָר פֿון דער נאָז, און אַחוץ דעם, יעדן טאָג איין שעה וואַרעמען די נאָז אַנטקעגן דער זון. נאָך אַ וואָך האָט דער קראַנקער באַקומען שטאַרקע קאָפּ־ווייטיקן מיט הויכן פֿיבער. דער פּוילישער נאָז־ און אויערן־דאָקטאָר, צו וועמען דער קראַנקער האָט זיך אַריינבאַקומען אויף דער אַרישער זייט, האָט געראַטן גלייך פֿאָרן קיין וואַרשע אויף אַן אָפּעראַציע. אין אַ צייט אַרום, נאָך דער אָפּעראַציע, איז דער זעלבער ייד געקומען צו ד״ר האָלצער מיט אַ צעשעדיקטער האַנט פֿון אַ פֿאַרפֿאַל ביי דער אַרבעט. ד״ר האָלצער האָט זיך גלייך דערמאַנט אין דער מעשה מיט דער נאָז, אַז ער איז געהאַט געגאַנגען צו אַן אַנדערן דאָקטאָר, און ער האָט דעם ייד נישט געגעבן קיין הילף.

אַ פּליט פֿון קאַליש, אַן אָרעמער שוואַרץ־אַרבעטער ביי די דייטשן, איז קראַנק געוואָרן און געקריגן שווערע אייטער־ווונדן אויף ביידע פֿיס. צו באַצאָלן ד״ר האָלצערן פֿאַר זיינע וויזיטן האָט דער פּליט שוין געהאַט אויספֿאַרקויפֿט זיינע פֿאַרבליבענע ווערט־זאַכן. און ביי די לעצטע וויזיטן האָט דער קראַנקער געמוזט רעגולירן זיינע חובות דעם ד״ר האָלצער מיט אַ גאָלדן האַנט־קייטעלע.

אויף דער דייטש, ד״ר הערמאַן, האָט די לעצטע צייט געוואָרפֿן אַן אומחן אויף ד״ר האָלצער. ער האָט, פֿאַרקערט, געהאַט טענות פֿאַרוואָס ער ברענגט צו ווייניק טויטשיינען פֿון געטאָ. איך ווייס נישט מיט וואָס פֿאַראַ ווערטער ער האָט זיך פֿאַרענטפֿערט קעגן אַזעלכע פֿאָרווורפֿן, אָבער אין געטאָ האָט מען געוווסט צו דערציילן, אַז ד״ר האָלצער האָט זיך שטאַרק איבערגענומען פֿון דעם פֿאַרלוירענעם חן ביי הערמאַנען.

ביי אַלעמען מוז מען צוגעבן, איז ד״ר האָלצער אין די געטאָ־באַדינגונגען געווען אַ נוצלעכער מענטש. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקע, אימפּולסיווע נאַטור, איז געווען זייער אַרבעטזאַם און מיט פֿיל ענערגיע איז ער אַרומגעלאָפֿן מיט זיינע וויזיטן פֿון איין קראַנקן צום צווייטן.

אונטער זיין אָנפֿירונג זענען געשאַפֿן געוואָרן די צוויי שפּיטאָלן אין געטאָ: ער האָט זיך אַקטיוו מיטבאַטייליקט אין דער קאָמיסיע פֿאַר ריינקייט צווישן דער באַפֿעלקערונג. ער איז געווען באַוואָרפֿן מיט אַרבעט און אויך געשפּילט אַן אָנפֿירנדיקע ראָלע ביים באַקעמפֿן די טיפֿוס־קראַנקייט.

ערב דער פֿאַרניכטונג האָט ער איינגעאָרדנט אַ געהיים־אָרט פֿאַר זיך מיט זיין פֿאַמיליע אויף דער אַרישער זייט. אָבער די טרויעריקע געשעענישן זענען אים פֿאַרלאָפֿן דעם וועג. בלויז זיין פֿרוי איז געלונגען צו דער צייט אַרויס־

צובאַקומען זיך פון געטאָ, זיין זון, אַ יידישער געטאָ־פּאָליציאַנט, איז ביים וועלן זיך אַרויסבאַקומען פון באַלאַגערטן געטאָ, געפאַלן אַ דערשאָסענער. זיין טאַטנס אָפּגעשפּאָרטע געלטער, וואָס ער האָט געוואָלט מיט זיך מיטנעמען אויף דער אַרישער זייט, זענען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די מערדער. ד״ר האַלצער אַליין איז צוזאַמען מיט די שטעטלדיקע יידן געוואָרן אָפּגעשיקט אין טרעבלינקער פאַרניכטונגס־לאַגער.

## פיגאָווי

דער פעלדשער פיגאָווי איז געווען אַ ייד פון אַ יאָר פופציק, פון מיטעלן וווקס, אַ רירעווודיקער, מיט אַ פלינקן גאַנג. זיין נישט־איבערקלייבערישע שפּראַך און אַרט רעדן האָבן דערציילט וועגן זיין לייכטן קוק אויפן לעבן.

פיגאָווי האָט געשטאַמט פון שכנותדיקן שטעטל ווענגראָוו. פון דאָרט איז ער אַ צייט פאַר דער קריג געקומען קיין סאָקאָלאָוו, כדי דאָ צו זוכן מזל אַלס פעלדשער.

צווישן סאָקאָלאָווער יידן איז פעלדשער פיגאָווי נישט געווען אָנגענומען. עס האָט אים געפעלט נאַטירלעכע אינטעליגענץ, וואָס זאָל באַשיינען זיין באַרוף און דערוועקן צו אים דרך־ארץ און צוטרוי. אין שטעטל, צווישן יידן, האָט מען אים געקענט פאַר אַ געשיקטן באַנקעס־שטעלער און פאַר אַ מענטש מיט אַ „גרינגער האַנט" ביים מאַכן איינשפּריצונגען. די מערהייט פאַציענטן זיינע האָט ער פון תמיד געהאַט צווישן דער פוילישער באַפעלקערונג.

ווען אין געטאָ האָט זיך פאַרמערט די צאָל קראַנקע, האָט פיגאָווי אין זיין קליין פעלדשער־וואַליזקעלע אָנגעהויבן אַריינגעמען מכשירים פון אַ דאָקטאָר און זיך געלאָזט אויף וויזיטן.

ער איז געוואָרן אַריינגעצויגן אין דער מעדיצינישער רעטונגס־אַרבעט קעגן דער טיפוס־עפּידעמיע ביי דער זייט פון ד״ר האַלצער. ער איז שנעל פּאָפּולער געוואָרן פונעם דורכפירן פאַרשידענע טעכנישע אַרבעטן צו באַקעמפן די קראַנקייט, און באַזונדערס, ביים מאַכן די אַנטי־טיפוס־איינשפּריצונגען. איינס־צוויי נישט צו דערכאַפּן מיטן אויגנבליק פלעגט ער שטעכן מיט דער נאָדל אין די הענט פון די אין לאַנגע רייען אויסגעשטעלטע מענטשן.

פיגאָווי האָט זיך אויך אָנגעזעען מיט זיין טעטיקייט אין דער סאַניטאַר־קאָמיסיע. דאָ האָט ער זיך געריסן צו זיין דער הויפּט־דעה־זאָגער. מען האָט אָפּט געהערט זיינע שטראָף־רייד ביי די רייניקונגס־אינספּעקציעס אין די מיט מענטשן־איבערפולטע הייזלעך.

אין דער צייט פון דער עפּידעמיע איז ער געווען דער רירעווודיקסטער וויזיטן־מאַכער ביי די געטאָ־קראַנקע. דערביי איז ער אויך געווען דער גרעסטער געלט־רייסער. זיין באמת מיפולע אַרבעט פלעגט ער פאַרביליקן דורך זעלבסט־באַרימעריי און דורכן באַמיען זיך „קליין"־מאַכן זיינע „קאָנקורענטן".

פיגאָווי, וואָס האָט טאָג און נאַכט געהאַט צו טאָן מיט פון גורל געשטראָפטע מענטשן, וואָס האָבן זיך געראַנגלט צווישן לעבן און טויט; ביי אַן אַרבעט, וואָס האָט אים געבראַכט אין סאַמע מיטן פון טרערן־ים האָט זיך אָבער קיינמאָל נישט געלאָזט שוער־מאַכן זיין געמיט. דאָס געטאָ־לעבן מיט אַלע פּיינען האָט ער אויפגענומען ווי אַ פאַרבייגייענדיקן עפּיזאָד, מיט וועלכן עס איז דערוויל אַ שאָד זיך איבערצונעמען. עס איז נישט כדאי צוליב דעם זיך קאַליע צו מאַכן די לייכטע שטימונג.

ערב דער פאַרניכטונג איז פיגאָווי אַוועק אין קורטשעווער אַרבעטס־לאַגער און אומגעקומען צוזאַמען מיט די יידן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען.

# לעצטער חסר

ווייט הינטער דער שטאָט, אויף זייטיקע פעלדער, צווישן ברייט־צעוואָרפענע פויערישע כאַטקעס, ליגט אַ וויסט שטיק טאַליק־זאַמדיקער באָדן. דאָרט איז דער נייער סאָקאָלאָווער בית־עולם. דערנעבן, באַרג אַרויף, האָט אַ שמאָל וועגל געפירט צו אַן איינזאַם הילצערן הייזל. דאָ האָט געוווינט אַנשל דער באַגרעבער.

פאַרן איינפירן דאָס געטאָ האָב איך דעם דאָזיקן ייד קיין מאָל נישט געהאַט געזען. ווינטער 1942, בעת דער עפּידעמיע, האָט זיך דער באַגרעבער אָנגעהויבן באַווייזן אין געטאָ. זיין אויסטערלישער אויסזען איז מיר געבליבן פאַר די אויגן — נישט צום פאַרגעסן.

אַנשל איז געווען אַ דאַר־איינגעטריקנט בלאַס יידל מיט אַ שוואַרץ־גרוילעך צעשויבערטער באָרד, ברייט און פאַרוואָרלאָזט צעוואַקסן, ביז אַרויף אונטער זיינע מאַטע אויגן, וואָס האָבן שטענדיק אַראָפּגעקוקט צו דער ערד. זיין קורץ־וווקסיקער גוף איז געווען באַהאַנגען מיט געלאַטעטע און פאַרבלאָטיקטע מלבושים, פאַרגאַרטלטע מיט אַ האַנטוך. די הילצערנע שיך זענען ביי אים געווען באַדעקט מיט ליימיקער קברים־ערד. אַ בית־עולמדיקער ריח איז נאָכ־געגאַנגען נאָך אים.

דער באַגרעבער איז געווען דער איינציקער ייד פון סאָקאָלאָוו, וואָס האָט געהאַט אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פון דער דייטשער מאַכט צו ווינען אויסערן געטאָ. מיט דעם דאָזיקן „שיין" האָט ער געקאָנט גיין אומגעשטערט אויף די הינטערשטאַטישע וועגן, ווען ער האָט געדאַרפט קומען אין געטאָ, דערוויסן זיך וועגן דער צאָל טויטע, כדי צוצוגרייטן פאַר זיי קברים. פאַר איין־וועגס פלעגט ער אין געטאָ אָפּנעמען די לעבלעך ברויט, וואָס ער האָט געקריגן פאַר זיין באַגרעבער־ארבעט.

ווינטער פלעג איך פיל מאָל זען אים פאַרבייגיין פאַר מיין ווינונג, אויף דער ראָגאָווסקע — צו משה פּיעקאַרסקיס הויז, ווו עס האָט אַ שטיק צייט געוווינט דער פרעזעס נחום לעווין. דער באַגרעבער איז געקומען מיט אים זיך צונויפרעדן.

אין די קאַלטע פּראַסטיקע טעג האָט מען אַנשלען געזעען אין אַזאַ הולך:
אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ שפּיציקן קאַפּטור, וואָס איז געווען אַראָפּגעלאָזט איבערן פּנים. דער קאַפּטור האָט געהאַט אַ שמאָל שפּעלטעלע, דורך וואַנען עס האָבן אַרויסגעקוקט זיינע אויגן. די פאַרפרוירענע פאַלעס פון זיין לאַנגן באַגרעבער־בגד זענען געווען אויסגעשמירט מיט ליימיקער קברים־ערד און האָבן אַנגעקלאַפּט אין זיינע קניען, ווי בלעכן. מיט לאַמע טריט איז ער געגאַנגען און געשלעפּט זיינע צעקרימטע פאַרפרוירענע שיך. בעת ער האָט פאַרלאָזט דאָס געטאָ, האָט ער געטראָגן הינטער די אָרעמס גרויסע קיילעכדיקע ברויטן.

פאַר דער מלחמה איז אַנשל דער באַגרעבער כמעט געווען אָן אַרבעט. ער האָט לאַנג געדאַרפט וואַרטן אויף אַ געלעגנהייט צו גראָבן די בית־עולם־ערד; די שטעטלדיקע יידן האָבן ס'רוב אויסגעלעבט זייערע יאָרן. ווען ס'איז אויסגעבראָכן די עפּידעמיע אין געטאָ, האָט אַנשל גענומען דעם פאַרזשאַווערטן רידל, און זעלטן אים אַרויסגעלאָזט פון זיינע הענט. בערגלעך פריש־צעגראָבענע ערד זענען אויסגעוואַקסן אין לאַנגע רייען מיט אויפגעשריבענע נעמען אויף אַריינגעשטעלטע ברעטלעך צופיסנס די קברים. עס זענען אויף זיי געווען נעמען פון יונג און אַלט און נעמען פון יידן פון פאַרשידענע שטעט אין פוילן.

די גרויסע פרעסט האָבן פאַרהאַרטעוועט די ערד. פלעגט אַנשל דער באַ־גרעבער צוזאַמענשלעפּן האָלץ און צעצינדן פייערן. ווען די ערד איז ווייכער געוואָרן האָט אַנשל מיט גראָב־אייזנס געהאַקט אַזוי לאַנג, ביז ער האָט דער־גרייכט די טיפעניש פון אַ קבר. פאַרטיק געמאַכט איינעם, גענומען זיך צום צווייטן, נאָך נישט געענדיקט די באַשטעלטע צאָל קברים, איז געקומען אַ יידישער פאָליציאַנט, אַ שליח פון געטאָ, און אים אָנגעזאָגט וויפל קברים ער דאַרף צוגרייטן אויף מאָרגן.

אין איינעם אַזאַ טאָג האָב איך אַנשלען געזען ביי זיין אַרבעט. יענער טאָג איז פאַר מיר געווען פון די פיינלעכסטע אין סאָקאָלאָווער געטאָ. ער איז פאַר־בליבן צווישן מיינע שוידערלעכסטע דערינערונגען.

אין אַ פראָסטיק־קאַלטן פרימאָרגן איז צו מיר דעמאָלט געקומען מיין פריינט, דער העברעאישער לערער, יהודה־לייב אַדלער, פון קאַליש, און מיר געזאָגט אַ פאַרשטיינערטער:

— מיין שוועסטער ליגט שוין דעם דריטן טאָג אַ געשטאָרבענע פון טיפוס און קיינער קומט זי נישט אַוועקנעמען. די חברה קדישא זאָגט, אַז די ערד איז שטאַרק פאַרפרוירן, דער באַגרעבער אַליין קאָן נישט אָניאָגן די אַרבעט ביים גראָבן די ערד. נאָר יענער וואָס קאָן צוהילף־קומען אַנשלן ביים גראָבן אַ קבר, קאָן גלייך ברענגען צו קבר־ישראל זיין פאַרשטאָרבענעם קרוב. שוין דעם דריטן טאָג בין איך צוזאַמען מיט מיין טויטער שוועסטער אין דעם ענגן שטיבל... דאָס צעטל אַרויסצופאָרן פון געטאָ מיטן מת האָב איך שוין דער־לייִדיקט.

איך האָב אַדלערן נישט געלאָזט מער רעדן און בין באַלד מיט אים אַוועק,

אַ שניידיק־פּראָסטיקער ווינט האָט געבלאָזן איבער די שנייאיקע פעלדער. מאָטל דעם גלעזערס אויסגעדאַרט פערדל האָט קוים געשלעפּט די פיס אין דעם שטורעמדיקן שניי־געווירבל. דריי מאָן זענען מיר נאָכגעגאַנגען, אונטערגעשטופּט דעם שליטן מיטן מת, וואָס איז אַלע מאָל שטיין געבליבן אין מיטן פעלד. אין גראָען פרימאָרגן איז פאַרווייעט געוואָרן דער וועג צום בית־עולם. מיר זענען פאַרקראָכן ערגעץ אין אַ זייט אויף די פעלדער. מיט האַלב־אָפענע אויגן האָבן מיר געזוכט דעם וועג צום בית־עולם.

— ווי־אָ־אָ! — האָט איין מאָל און נאָך אַמאָל אָפּגעהילכט אין שנייאיקן חלל די שטים פון שווער־אָטעמדיקן בעל־עגלה.

דער שליטן האָט זיך אַ שאַר געטאָן איבערן שניי, מיטשלעפּנדיק אַלע דריי אונטערשטיפּערס. איבער שניי־בערגלעך זענען מיר געקראָכן און געזונקען, געוואָלט זיך דערשלאָגן צום וועג, און פּלוצעם ווידער סטאָפּ! מיט אַ מאָל איז די קליאַטשע געפאַלן, זינקענדיק אין טיפן שניי. מיר האָבן קוים באַוויזן איינצוהאַלטן דעם שליטן, דער מת זאָל נישט אַראָפּפאַלן. מאָטל האָט געשמיסן זיין קליאַטשע, וואָס איז געבליבן ליגן, סאָפּענדיק מיט די ברייטע נאָזלעכער.

— פון בלויזן קייען שטרוי קאָן דאָס פערדל קוים שטיין אויף די פיס אין שטאָל — האָט מאָטל גערעדט צו זיך, אַ צי־געבנדיק די לאַנגע האָר פון פערדס קאָפּ.

— דער טויט קומט אויך אָן שווער — האָט אַדלער אַרויסגעקרעכצט מיט פאַרביטערונג.

— דאָס פערד קאָן מער נישט ציען דעם שליטן. לאָמיר צוזאַמען אַרויס־שלעפּן דעם שליטן ביז דאָרטן! —

מאָטל האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט אין דער ריכטונג פון איינצלנע בוימער, וואָס זענען געשטאַנען טיף אין פעלד. ער האָט צוגעבונדן דאָס פערדל צום שליטן און זיך געשטעלט פון הינטן צום אונטערשטופּן און מיר האָבן אָנגעהויבן שלעפּן.

שנייאיקע שטויב־וואָלקנס האָבן זיך געדרייט אַרום אונז, געשמיסן אין אונזערע פּנימער, צוגעקלעפּט זיך צו אונזערע קליידער. די פּאַרע פון אונזערע מיילער איז געוואָרן פאַרגליווערט. מיר האָבן זיך געשלעפּט איבער שניי־בערגלעך, אין גריבער אַרויף און אַראָפּ און אַזוי קוים זיך דערשלאָגן צום באַגרעבערס הייזל.

פון בית־עולם האָט דער ווינט צעטראָגן אַ רויך. ער איז געקומען פון די ברענענדיקע שטויסן האָלץ איבער די קברים. אין דער טויטער פוסטקייט האָט אָפּגעהילכט דעם באַגרעבערס קלאַפּן אין דער האַרטער ערד.

— שוין ווידער אַ מת! נאָך נישט באַגראָבן די נעכטיקע טויטע — האָט אַנשל אַ זאָג געטאָן מיט אַ טענה, פון די פאַרוויקלטע שמאַטעס אַרום זיין פּנים.

— מיר וועלן אַליין מאַכן דעם קבר, מיר האָבן כלים. ווייזט אונז נאָר אָן אויף וועלכן אָרט.

— דאָרט, צווישן די פּייערן. דערווייל לייגט אַוועק דעם מת ביי מיר אין שטיבל.

דאָס גאַנצע הייזל פון באַגרעבער האָט געהאַט איין חדר מיט צוויי פענצטער, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען אין דער זייט פון בית־עולם. לעבן אַ רויער וואַנט איז געשטאַנען אַ בעט צונויפגעקלאַפּט פון ברעטער. אויפן געלן שטרוי־זאַק זענען געווען אָנגעוואָרפן שמאַטעס. אויף אַן אויסגעקרימט טישל איז געלעגן אַן איינגעשניטן לעבל ברויט מיט קרישקעס אַרום. אונטער דעם טישל איז געשטאַנען אַן עמער מיט פאַרפרוירן וואַסער. איבער דער ברייט פון דער פּאָד־לאָגע זענען געלעגן איבערגעדעקטע מתים.

אויפן בית־עולם האָט געשמיסן אַ ווינט, געיאָגט דעם רויך אויף אַלע זייטן, ווי שדים וואָלטן זיך צעטאַנצט אַרום די צעצונדענע פּייערן, וואָס האָבן זיך געשטיקט אונטער די רויך־וואָלקנס. מיר האָבן זיך געקלאַמערט מיט די גראָבאייזנס אין דער געפרוירענער ערד, כדי נישט מיטגעריסן צו ווערן פון דער שניי־זאַוויערוכע.

ווען מיר האָבן פאַרענדיקט גראָבן דעם קבר, איז שוין געווען נאָך האַלבן טאָג.

ביים פאַרשיטן דעם קבר, האָט מען דערזעען פון שנייאיקן שטורעם אָנקומען אַ גרעסערע גרופּע יידן צום בית־עולם מיט נאָך אַ לויה.

די יידן פון דער חברה קדישא זענען געווען פאַרנומען אויפן בית־עולם, ביים אויסליידיקן דעם באַגרעבערס שטיבל פון די אָנגעזאַמלטע מתים.

ווען די פאַרנאַכטיקע טונקלקייט האָט זיך גענומען אויסלייגן אויף די ווייסע פעלדער, איז דער באַגרעבער מיט זיינע גראָב־אייזנס אויף די אַקסלען אַוועק אין זיין הייזל. מאָטלס פערד האָט אונז דעמאָלט צוריקגעפירט אין געטאָ אַריין.

מיט צוויי וואָכן שפּעטער בין איך ווידער געווען אויפן בית־עולם. דאָס מאָל ביי אַדלערס לויה. נאָכן טויט פון זיין שוועסטער האָט אויך אים דער טיפוס אַוועקגעלייגט. דער באַגרעבער האָט זיך איבערגעבויגן איבער אַדלערס אָפענעם קבר און אַריינגערעדט אין אים:

— זיי אַ גוטער מליץ יושר, די מגיפה זאָל זיך אָפּשטעלן. דער בית־עולם איז שוין פול מיט קברים.

# טרעבלינקע נומער 1

טרעבלינקע איז אַ קליין דערפל, וואָס ליגט צווישן וועלדער און זאַמדיקע שטחים, אין אַ זייט פון דער באַן־ליניע שעדלעץ־מאַלקין, אַ פופצן קילאָמעטער פון סאָקאָלאָוו. די פויערים פון דעם דאָרף זענען אָרעמע, אָפּגעשטאַנענע און פירן אַ פרימיטיוו לעבן. דעם נאָמען פון דאָזיקן דאָרף פלעגט מען אַמאָל הערן אויסרופן בעת אַ דורכלויפנדיקער צוג פון וואַרשע איז אויף אַ ווײַלע שטיין־געבליבן אויף דער סטאַציע.

ווען די דײַטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָט אָנגעהויבן פאַרפעסטיקן איר טעראָר־רעזשים מיט דער הילף פון אויסגעבויטע שטראָף־לאַגערן, האָט אין פּאָדליאַשער געגנט געצויגן איר אויפמערקזאַמקייט אָט דאָס אָפּגעזונדערטע דאָרף, ווײַט פון די מער־אַנטוויקלטע ישובים.

סוף 1940 האָט מען אין סאָקאָלאָוו געהערט, אַז אין דער געגנט פון טרעב־לינקע גייט־אָן אַ פיבערהאַפטע אַרבעט. מען צעגראָבט און מען גלײַכט־אויס די זאַמדיקע בערג און טאָלן. יידישע צוואַנגס־אַרבעטער, וואָס פלעגן אַהין געשיקט ווערן פון יודנראַט אויף טאָג־אַרבעט, פלעגן דערציילן פון אַ שווערן אַרבעטס־רעזשים, וואָס הערשט דאָרט.

אויך די יודנראַטן פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, אַממײַנסטן פון שעדלעץ, זענען שטרענג אויפגעפאָדערט געוואָרן צו שיקן אַהין יידישע צוואַנגס־אַרבעטער, וואָס פלעגן טאָג־טעגלעך אָפּגעפירט ווערן מיט דער באַן צום אַרבעטס־פּלאַץ. כאָטש ס׳האָט נאָך דעמאָלט קיינער נישט געוווסט, וואָס פאַר אַ טײַוולשער פּלאַן עס ווערט דאָרט דורכגעפירט און צוגעגרייט דורך די עפנטלעכע אַרבעטן, האָט דאָך יעדער אינסטינקטיוו געוואָלט אויסמײַדן די אַרבעט דאָרט. מען האָט אויך געהערט וועגן פאַלן מיט אַרבעטער, וואָס זענען פאַרשאָטן געוואָרן אונטער צעגראָבענע זאַמד־ווענט און אַנדערע טויט־פאַלן.

הונדערטער יידישע שקלאַפן האָבן דאָרט טאָג־טעגלעך געגראָבן מיט לאָפּעטעס, געהאַקט מיט אײַזנס די ערד און קיינער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט און אפילו נישט אַ טראַכט געטאָן, וואָס ס׳ווערט אייגנטלעך געשאַפן אויף דעם

אָרט. שפּעטער האָט מען דאָרט אָנגעהויבן שטעלן באַראַקן און אַרומצוימען דעם ברייטן שטח מיט שטעכל־דראָטן. מען האָט אויך אויסגעבויט הויכע אָבסערוואַציע־טורעמס, אויף וועלכע עס זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אוקראַינישע „אָרדענונגס־היטער", אונטער דער אויפזיכט פון אַ דייטשישן עס־עס־קאָמאַנדאַנט. פון דעם אַלעם איז שוין געווען קלאָר, אַז אויף דעם פּלאַץ איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ שטראָף־לאַגער. פאַר וועמען דער לאַגער איז אָבער באַשטימט; ווער עס וועט איינגעשלאָסן ווערן הינטער די צוים־דראָטן; וואָס פאַראַ פאַרברעכער עס וועלן דאָ אָפּקומען זייער שטראָף? — וועגן דעם האָט קיינער נישט געוווּסט. פאַרשידענע קלאַנגען האָבן זיך פאַרשפּרייט צווישן יידן. דער גרעסטער טייל האָט געגלויבט, אַז אויף דעם אָרט וועלן געבראַכט ווערן סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע.

אין האַרבסט 1941 האָט זיך באַוויזן אַ מעלדונג:

„אין טרעבלינקע איז אַנטשטאַנען אַ שטראָף־לאַגער פאַר אַלע פאַרברעכער, וואָס וועלן פאַראורטיילט ווערן צו אַדמיניסטראַטיווע שטראָפן — פאַר נישט צושטעלן צו דער צייט די קאָנטיגענטן תבואה און לעבעדיקן אינווענטאַר פאַר דער דייטשער ווערמאַכט. מיר וואָרענען יעדן פּוילישן איינוווינער פון קרייז סאָקאָלאָוו נישט צו ברעכן די עקזיסטירנדיקע געזעצן, און אַזוי אַרום אויס־צומיידן דעם טרעבלינקער שטראָף־לאַגער". אונטערגעשריבן: גראַמס.

נאָך דער עפנטלעכער מעלדונג האָבן יידן געגלויבט, אַז דאָס איז טאַקע בלויז אַ שטראָף־אָרט פאַר די אַרומיקע פּויערים, וואָס האָבן אין אַ גרויסער צאָל סאַבאָטירט ביים צושטעלן די אויף זיי אַרויפגעלייגטע תבואה־קאָנטיגענטן.

קורץ נאָכן אָפיציעלן באַקאַנט־מאַכן וועגן טרעבלינקער שטראָף־לאַגער, האָט דער יודנראַט צוויסן־געטאָן אין אַן עפנטלעכער מעלדונג אין געטאָ, אַז ס'מוזן זיך פאַרשרייבן אין דער אַרבעטס־אָפּטיילונג שוסטער, שניידער, זייגער־מאַכער און שלאָסער. זיי זענען נויטיק צו מיליטערישע אַרבעטן, ווו עס זענען געזיכערט גוטע לעבנס־באַדינגונגען. די באַקאַנטמאַכונג אויף דער וואַנט פון יודנראַט, איז געווען געשריבן אין אַ מילדן טאָן און האָט גערופן צו מעלדן זיך פרייוויליק, כדי צו באַקומען גוטע עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן און דערצו נאָך גוטע „פאַרזאָרגונגס־שיינען", אַרויסגעגעבן פון דער דייטשער מאַכט. דער רעגיסטראַציע־טערמין איז געווען אַ קורצער — 48 שעה. כאָטש עס זענען געווען פיל יידן, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געהאַט קיין צוטרוי און תמיד זיך באַצויגן מיט פאַרדאַכט צו אַזעלכע מעלדונגען, איז אָבער דאָך אַ גרויסער טייל געגאַנגען זיך פאַרשרייבן. די אַרבעטס־קאָמיסיע האָט נישט אַלע אָנגע־נומען, זי האָט אויסגעקליבן די פיזיש־שטאַרקערע און נישט־פאַרהייראַטע. פון דער רשימה זענען באַשטעטיקט געוואָרן 35 מאַן. זיי האָבן געדאַרפט קומען מיט פּעקלעך, גרייטע אין וועג אַריין.

פאַרן יודנראַט האָבן זיך פאַרזאַמלט יידן, צום געזעגענען די אַוועקפאָרנדיקע אַרבעטער און געווונטשן זיי צוריקקערן זיך אַהיים געזונטע.

— ווהין שיקט מען זיי? — קיינער האָט דאָס נישט געוווּסט.

אין עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען אין געטאָ זיך דערוווּסט, אַז די זעלבע אַקציע איז אויך פאָרגעקומען אין די אַרומיקע שטעטלעך און אַז אַלע זענען אין באַזונדערע טראַנספּאָרטן אָפּגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

דער טרעבלינקער שטראָף־לאַגער איז נאָך דעמאָלט געווען אין אָנהויב פון זיין עקזיסטענץ און קיינער אין געטאָ האָט נאָך נישט געוווּסט, וואָס פאַרא פּיינען עס זענען צוגעגרייט געוואָרן פאַר די אַהין פאַרשיקטע יידן. אָבער דאָס איז גיך קלאָר געוואָרן פון די געהיימע צעטלעך, וואָס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען דורך פאַרשידענע אומוועגן פון לאַגער. די דאָזיקע צעטלעך מיט געציילטע ווערטער זענען געווען אַ פאַרצווייפלטער געשריי און רוף צו ראַטעווען זיי פון אַ לאַנגזאַמער פאַרפּייניקונג צום טויט. איך וועל דערמאָנען אַ פּאָר אַזעלכע בריוועלעך, וואָס איך האָב זיי געלייענט.

מיין יונגערער ברודער, יואל, פון סטערדין האָט געשריבן: „קום ווילט איר נישט, איך זאָל פאַרפּייניקט ווערן — ראַטעוועט מיך אַרויס!"

דער זון פון סאָקאָלאָווער מעבל־סטאָליער, משה סעבער, האָט געשריבן: „מ'האָט אונז פאַרפירט און שרעקלעך אָפּגענאַרט. מיר געפינען זיך אין טרעב־לינקער שטראָף־לאַגער. לאַנג אויסהאַלטן וועל איך נישט קאָנען, ראַטעוועט וואָס פריער!"

אַ קאַלישער פּליט, אונגער, האָט געשריבן צו זיינע עלטערן: „נאָך צוויי וואָכן זיין אין טרעבלינקע, שלעפּ איך קוים די פיס. דאָס איז מיין אַרבעט אַלס שניידער".

די שטרענג־געהיימע בריוועלעך האָבן געבראַכט בעל־עגלות, וואָס האָבן געהאַט די רעכט אַריין און אַרויסצופאָרן קיין און פון טרעבלינקע. זיי האָבן אַהין געפירט לעבנסמיטל און בוי־מאַטעריאַלן פאַרן אינערלעכן געברויך פון לאַגער.

די דערהאַלטענע בריוועלעך האָבן אין געטאָ אַרויסגערופן אַ גרויסע צע־רודערונג. אַרום יודנראַט האָבן זיך טאָג־טעגלעך געזאַמלט די נאָענטע קרובים פון די פאַרשיקטע. זיי האָבן נישט געקאָנט איינרועןפון די פאַרצווייפלטע געשרייען פון די געפּייניקטע, וועלכע עס האָבן אויך דערהערט אַלע יידן אין געטאָ. נאָך צוויי חדשים האָבן זיך די מערדער געלאָזט איבערקויפן פאַר אַ גרויסער סומע געלט, וואָס דאָס שטעטל האָט געשאַפן, כדי אַרויסצוראַטעווען די נאָך ביים לעבן־געבליבענע. אין דער זעלבער צייט זענען אויך אויסגעקויפט געוואָרן די יידישע פאַרשיקטע פון די אַרומיקע שטעטלעך.

אין אַ פראָסטיקן ווינטער־טאָג, פאַרנאַכט־צו, איז צום יודנראַט פּלוצים צוגעקומען דער אַרבעטס־אינספּעקטאָר לעבע. דער רוצח איז געקומען אַ קוק־טאָן אויף די צוריקגעקומענע יידן, אויף וועמענס לייבער עס זענען אויס־פּראָבירט געוואָרן זיינע פּיין־מעטאָדן. לעבע איז געשטאַנען אומגעדולדיק, יעדע ווילע האָט ער געקוקט אויף זיין זייגער. ווען פאַרן גרענעץ־שלאַבאַן האָבן זיך

דערהערט געשרייען, האָט זיך אויף לעבעס פּנים צעלייגט אַ שמייכל. לעבן אים זענען באַלד שטיין־געבליבן פיר שליטנס מיט צונויפגעקנוילטע מענטש־לעכע גופים, וואָס האָבן אַרויסגערופן אַ שרעק מיט זייער אויסטערלישן אויסזען.

די צוריקגעקומענע פון טרעבלינקע זענען געווען אַזוי פאַרענדערט אין אויסזען, אַז ס׳איז אוממעגלעך געווען זיי צו דערקענען. מען האָט אויסגעשריגן זייערע נעמען. לויט זייער אָפּרופן ז׳יך האָבן עלטערן דערקענט זייערע זין. נאָר יחידים, וואָס האָבן געאַרבעט אין טרעבלינקע ביי זייערע פאַכן, זענען געבליבן ביי זייער פריערדיקן מענטשלעכן אויסזען. די איבעריקע האָט מען געמוזט טראָגן אַהיים, ווו זיי זענען חדשים־לאַנג געלעגן צו בעט. טייל עלטערן זענען אַהיימגעגאַנגען מיט פאַרבראָכענע הענט. מען האָט געוווסט, אַז זייערע זין זענען נישט צוריקגעקומען. זיי האָבן נישט איבערגעהאַלטן די טרעבלינקער יסורים.

די דאָזיקע „טרעבלינקער", ווי מ׳האָט זיי אין געטאָ גערופן, זענען שפּעטער דורך אַלעמען געאַכט געוואָרן אַלס די ערשטע מאַרטירער. ביי אַלע ווייטערדיקע אַקציעס פון צוואַנג־אַרבעט, פאַרשיקונגען, כאַפּונגען צו אַרבעט האָט מען זיי אויסגעמיטן.

כדי צו געבן אַ טיילווייז בילד פון די פּיינלעכע איבערלעבונגען פון די ערשטע פאַרשיקטע קיין טרעבלינקע, וועל איך פאַרצייכענען איניקע קורצע דערציילונגען פון אַזאַ צוריקגעקומענעם. דאָס איז געווען מיין יונגערער ברודער יואל. ער איז נאָך די צוויי חדשים זיין אין טרעבלינקע צוריק געקומען אַ פיזיש־צעבראָכענער, מיט דערשיטערטע נערוון. ווען זיין געזונט־צושטאַנד האָט זיך פאַרבעסערט, האָט ער מיר דערציילט:

...ס׳איז געווען אין דער פינפטער וואָך פון מיין זיין אין טרעבלינקע. איך האָב דעמאָלט געאַרבעט צוזאַמען מיט אַ ייד פון וואַרשעווער געטאָ. קוים וואָס מיר האָבן זיך געהאַלטן אויף די פיס, געשוואָלענע פון הונגער און פון קעלט. נאָך אַ גאַנצן טאָג האַקן און גראָבן די פאַרפרוירענע ערד, האָט דער אוקראַי־נישער אויפזעער זיך דערנענטערט צו אונז און אַ זאָג־געטאָן:

— איינעם פון אייך ביידע מוז איך היינט אָוועקלייגן אַ טויטן, קלויבט אויס, ווער ס׳זאָל זיין דער קרבן.

מיר זענען שטיין געבליבן פאַרגליווערט. נישט געקאָנט אַ וואָרט אַרויסרעדן.

— קומט אַדורך צווישן זיך. איך גיב אייך פינף מינוט צייט. אויב נישט, וועט איר ביידע דערמאָרדעט.

ווי פאַרשטיינערטע זענען מיר געשטאַנען און נישט געקאָנט אַרויסרעדן אַ וואָרט.

— אויב אַזוי האָב איך אַ גוטן איינפאַל. איך וועל אייך אַרויסנעמען פון פאַרלעגנהייט. איינעם פון אייך שענק איך דאָס לעבן. איך וועל וואַרפן גורל. אויף וועמען פון אייך ס׳וועט פאַלן דער לעצטער שמיץ, דער מוז געטויט ווערן.

דער אוקראַינער האָט אונז גענומען ביידע שמייסן מיט זיין קורץ געפלאָכטן

גומי־בייטשל און געציילט די שמיץ. דער לעצטער איז געווען דער וואַרשעווער ייד.

טויט־דערשראָקענע האָבן מיר דאָך געמיינט, אַז דער מערדער פּראַוועט איצט איינע פון זיינע געוויינלעכע סאַדיסטישע שטיק און מיט די שמיץ וועט זיך דאָס ענדיקן. דער אוקראַינער האָט אָבער באַלד נאָך דעם אַ פייף־געטאָן. ס׳איז צוגעקומען אַ צווייטער אוקראַינער און ער האָט יענעם געמאָלדן:

— איך האָב אַ באַפעל פון לאַגער־פירער טויט צו מאַכן איין ייד. דער גורל איז געפאַלן אויף אָט דעם, וואָס וועט שוין סיי ווי לאַנג נישט קאָנען אַרבעטן.

— טאָ וואָס שפּילסטו זיך מיט אים? ווייסטו נישט ווי אַזוי מען מאַכט דאָס?

— אָבער זע, אַז ד ע ר יודע זאָל זיך גוט צוקוקן! — האָט ער אָנגעוויזן אויף מיר.

דער אוקראַינער האָט גענומען אַ שטיק שפּיציק געפרוירענע ערד, אַריינ־געהאַקט עס אין מויל פון דעם ייד, ווי אַ קלין אין האָלץ אַריין. מיטן גראָבאייזן האָט ער געזעצט אין זיין לייב, ווי אין דער געפרוירענער ערד. ווען דער ייד איז שוין געלעגן אַ טויטער, האָט דער מערדער געזאָגט צום צווייטן:

— אַזוי, ברודערקע, דערוואַרעמט מען זיך אין אַ פראָסט.

***

צווישן די פאַרשיקטע קיין טרעבלינקע האָט זיך געפונען אַ שטאַמלדיקער שוסטער פון שטעטעלע סטערדין, אַ פאָטער פון אַכט קינדער. ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן די עוולה, וואָס מ׳איז באַגאַנגען קעגן אים און זיין פאַמיליע, איז ער אַוועק אויף אַ ראַפּאָרט צום לאַגער־פירער. און ביי אים געבעטן מיטלייד פאַר זיינע קליינע קינדער. דער לאַגער־פירער האָט אים געדולדיק אויסגעהערט און געהייסן וואַרטן אויף אַן ענטפער.

אויפן צווייטן טאָג זענען מיר אַלע געשטאַנען צו אַן אַפּעל. אַן אויפזעער האָט אויסגערופן דעם נאָמען פון דעם שוסטער און אים געהייסן זיך שטעלן אין אַ זייט. דער לאַגער־פירער האָט פאַר אונז אַלע געמאָלדן:

— דער יודע האָט נעכטן געבראָכן די אַרבעטס־דיסציפּלין אין טרעב־לינקער שטראָף־לאַגער. אָן אַ דערלויבעניש האָט ער איבערגעריסן די אַרבעט. פאַר דעם פאַראורטייל איך אים צום טויט.

דער שטאַמלדיקער שוסטער האָט אָנגעהויבן שעלטן אַלע, וואָס האָבן אים דערפירט צו דעם גורל. דער לאַגער־פירער האָט אים אָנגעכאַפּט פאַרן האַלז און אַריינגעשאָסן עטלעכע קוילן אין צעעפנטן מויל.

***

צווישן די וואָס זענען באַשטימט געוואָרן אין שטעטל קאָסאָוו אָפּגעשיקט צו ווערן קיין טרעבלינקע האָט זיך געפונען אַ נאָענטער קרוב פון שעפּסל

פלאַמס פאַמיליע, זיין זון איז געווען דער אָנפירער פון דער אַרבעטס־אָפּטיילונג ביים קאָסאָווער יודנראַט. האָט דער זון באַשלאָסן צו גיין אויפן אָרט פון קרוב, זייענדיק זיכער, אַז אים וועט מען גלייך באַפרייען. אין טרעבלינקע איז ער מיט זיין יודנראַט־לעגיטימאַציע אַוועק צום לאַגער־פירער און פאַרלאַנגט, ער זאָל אים באַפרייען. דער לאַגער־פירער האָט אים פאַרזיכערט צו באַטראַכטן זיין בקשה און דאָס — ווי אַמשנעלסטן.

אַ פּאָר טעג נאָך דעם איז דער יונגער פלאַם געשטאַנען צוזאַמען מיט די יידן פון דעם באַראַק, וווּ ער האָט געוווינט, פאַרן לאַגער־פירער. דער דייטש האָט זיי דערקלערט:

— דער יודע פלאַם פון דרעקישן יודנראַט אין קאָסאָוו האָט זיך גענומען דאָס רעכט צו פאַרלאַנגען, איך זאָל אים באַפרייען פון דער פאַרפליכטנדיקער צוואַנג־אַרבעט. פאַר דעם דאָזיקן שווינדל פאַראורטייל איך אים צום טויט.

צוויי אוקראַינער האָבן אים אַוועקגעפירט און מער האָבן מיר פלאַמן שוין נישט געזען.

***

פון די סאָקאָלאָווער צוריקגעקומענע האָב איך געהערט נאָך אַ פאַל:

ווען דער טרעבלינקער לאַגער־פירער איז שוין געווען איבערגעקויפט און האָט שוין געהאַט באַשטימט דעם טאָג, ווען די יידן דאַרפן באַפרייט ווערן, האָבן זיך צווישן די פאַרשיקטע געפונען עטלעכע טיפוס־קראַנקע. קיינער פון די יידן אין טרעבלינקע האָט נאָך דעמאָלט נישט געוווסט, אַז זיי דאַרפן בקרוב באַפרייט ווערן. האָט דער לאַגער־פירער באַקאַנט געמאַכט, אַז יעדער קראַנקער מיט פיבער קאָן אַריבערגעפירט ווערן אין דערנעבנדיקן קלימאָוויזנער שפּיטאָל. דערהערט אַזאַ מעגלעכקייט אַרויסצוקריגן זיך פון גיהינום, האָבן אַ טייל נאָך געזונטע יידן זיך אָנגעגעבן פאַר טיפוס־קראַנקע. זיי זענען אַוועקגעפירט געוואָרן מכלומרשט אין „שפּיטאָל" אַריין. מער האָט מען זיי נישט געזען און נישט געהערט וועגן זיי.

***

פון די דערציילונגען פון די באַפרייטע, האָבן יידן מיט שרעק זיך דער־וווסט דעם אמת וועגן טרעבלינקע. די מערדערישע עקספּערימענטן אויף יידישע לייבער זענען דעמאָלט אויך געווען אַן אָפּשרעק־מיטל פאַר די פּויערים פון סאָקאָלאָוו און אומגעגנט. אויפן אַפּראָוויזאַציע־אָפּשניט האָבן די דייטשן מיט דעם דערגרייכט געוויסע דערפאָלגן. דאָך האָט זיך געפונען אַ גרויסע צאָל אינטערנירטע פאָליאַקן פון אַלע שיכטן אין טרעבלינקער שטראָף־לאַגער.

פון יענער צייט האָט דער נאָמען פון דאָרף טרעבלינקע זיך געטראָגן פון מויל צו מויל. מען האָט דאָס וואָרט אַרויסגערעדט מיט טויט־שרעק.

# קורטשעווער ארבעטס-לאַגער

דאָס אויפשטעלן פון דערנעבנדיקן טרעבלינקער לאַגער האָט נישט געלאָזט רוען די סאָקאָלאָווער יידן; די געפאַר איז איצט געוואָרן נאָך גרעסער, ממשות־דיקער, נעענטער. דאָס שרעק־וואָרט — טרעבלינקע — האָט זיך איינגעוועבט אין טאָג־טעגלעכן געטאָ־לעבן; איז געוואָרן אַ מוראדיק געשפּענסט וואָס האָט פאַרפאָלגט יעדן איינעם. מען האָט זיך אָנגעהויבן שרעקן פאַר נייע גזרות און נייע פאַרשיקונגען.

קורץ נאָך דעם איז באַקאַנט געוואָרן, אַז דער יודנראַט האָט באַשלאָסן איינצואָרדענען אין קורטשעוו ביי שטשעגלאַטשין אַ יידישן אַרבעטס־לאַגער. דאָס האָט געדאַרפט זיין אַ מין באַרואיקונגס־מיטל אין אָנבליק פון טרעבלינקע און גלייכצייטיק אַ באַוויז פאַר די דייטשן, אַז אין געטאָ ווערן אַלע אַרבעטס־פעאיקע יידן באַשעפטיקט ביי פּראָדוקטיווע אַרבעטן.

אויף דרום־זייט פון סאָקאָלאָוו, בערך פופצן קילאָמעטער פון דער שטאָט, איז געווען אַ גרויס גוט, וואָס מען האָט גערופן דער „קורטשעווער הויף". דאָרט זענען געווען גרויסע ווילדע שטחים איבער וועלכע סאָקאָלאָווער יידן האָבן אָנגעהויבן דורכפירן אַן אויסגעאַרבעטן באַוואַסערונגס־פּלאַן, כדי צו פאַר־וואַנדלען די וויסטענישן אין פרוכטבאַרער אַקער־ערד.

דעם גוט־באַזיצער האָבן יידן פאָרגעלייגט צו געבן פאַר אַ גאָר נידעריקן לוין אַרבעטס־הענט פון געטאָ אַרויס אויף דורכצופירן אָט דעם פּלאַן. פאַר דעם צוועק האָט דער פּריץ געדאַרפט דערלויבן אויפצושטעלן ביי אים אַ סטאַבילן אַרבעטס־לאַגער. אויך די דייטשע פאַרוואַלטונג אין קורטשעווער הויף האָט אין דעם פּלאַן דערזעען אַ באַדייטנדיקן פּראָפיט. ווען דער פּלאַן איז אויך אָנגענומען געוואָרן דורך דער דייטשער מאַכט אין סאָקאָלאָוו, האָט דער יודנראַט גענומען ווערבירן מענער צו דער אַרבעט.

אין פרילינג 1942 האָט דער יודנראַט צעשיקט צו פיל יידישע מענער אַרבעטס־צעטלען מיט אַזאַ אינהאַלט:

„אין קורטשעוו איז איצט געשאַפן געוואָרן אַ יידישער אַרבעטס־לאַגער. דאָס אויפשטעלן דעם לאַגער איז פאַרן נוצן פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס שטייט פאַר גרויסע געפאַרן. יעדער, וואָס באַקומט אַזאַ אַרבעטס־צעטל, דאַרף זיך גלייך מעלדן אין זיינע אייגענע אינטערעסן. קעגן דעם, וואָס וועט אויסמיידן זיין פליכט גלייך זיך צו מעלדן, וועלן אָנגענומען ווערן שטרענגע מיטלען".

אונטערן איינדרוק פון די דערציילונגען פון די צוריקגעקומענע פון טרעב־לינקע, האָבן יידן זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי צו אַזעלכע„איינלאַדונגען" צו אַרבעט, און אויסער ווייניקע אויסנאַמען, נישט געמאָלדן זיך. מורא־האָבנדיק פאַר רעפּרעסיעס מצד דעם יודנראַט, האָט דער גרעסטער טייל זיך אַראָפּגעלאָזט אין אונטערערדישע באַהעלטענישן.

דער יודנראַט האָט דאַן געלאָזט אין גאַנג דעם גאַנצן פּאָליציי־אַפּאַראַט. מען האָט געזוכט אין אַלע פאַרבאָרגענע ערטער. נאָך צוויי טעג און נעכט פּאָליצייאישער באַלאַגערונג, רעפּרעסיעס און דראָאונגען קעגן די איבעריקע פאַמיליען־מיטגלידער, איז אים געלונגען צו כאַפּן אַ גרויסע טייל פון די אויס־באַהאַלטענע.

ווען דער ערשטער טראַנספּאָרט יידן איז אָנגעקומען אין קורטשעווער לאַגער און געלאָזט וועגן זיך וויסן דורך בריוו, איז פאַרשוואונדן די שרעק. אַן אַרבעטס־צעטל אין קורטשעווער לאַגער אַריין האָט אופגעהערט צו זיין פאַר־דעכטיק. נישט קוקנדיק אויף די שווערע אַרבעטס־באַדינגונגען, האָבן זיך געפונען פיל פאַראַרעמטע יידן, וואָס זענען גרייט געווען פאַר אַ באַשטימטער סומע געלט צו פאַרטרעטן אַנדערע, וואָס האָבן זיך געקאָנט אויסקויפן פון דער צוואַנג־אַרבעט אין קורטשעוו.

אין געטאָ איז באַלד באַקאַנט געוואָרן, אַז אין לאַגער האָט מען געשאַפן אַ זעלבשטענדיקע קיך און אַז יעדער אַרבעטנדיקער באַקומט טעגלעך אַ קילאָ ברויט. צו די שווערע אַרבעטן האָבן יידן זיך שנעל צוגעוווינט. דער קורטשעווער לאַגער איז פאַר זיי געוואָרן אַן אויסלייזונג פון שלאָפלאָזע נעכט ביי כאַפּערייען אין געטאָ.

באָענט צו די זומפּיקע פעלדער האָט אַ הויכער דראָטענער צוים אַרומ־גערינגלט דעם שטח פון אַרבעטס־לאַגער. הונדערטער יידישע שקלאַפן האָבן אָנגעפילט די הילצערנע פערד־שטאַלן. די אָנפירונג פון לאַגער האָט איינגעשטעלט אַן אינערלעכע אָרדענונג, מיט אַ לייכטן רעזשים. דער אַרבעטס־רעגולאַמין איז געווען אונטער דער אויפזיכט פון דער ספּעציעל־געשאַפענער יידישער לאַגער־פּאָליציי. די קיך האָט צוגעשטעלט עסן צו דער זעט. אַ סאַניטאַר־קאָמיסיע האָט געזאָרגט פאַר מעדיצינישער הילף. שווערע קראַנקע זענען צוריק אָפּ־געשיקט געוואָרן אַהיים.

דער יידישער אַרבעטס־לאַגער אין קורטשעוו איז באַקאַנט געוואָרן אין דער אומגעגנט. מיט אַ צעטל וואָס איז געווען געשטעמפּלט „קורטשעווער

יודן־לאַגער״, האָבן יידן זיך געקאָנט באַוועגן פון לאַגער אין שטאָט אַריין און צוריק. אפילו די דייטשע זשאַנדאַרמעריע האָט רעספּעקטירט אַזאַ צעטל. יעדן חודש זענען געטוישט געוואָרן די אַרבעטער. ווער ס'האָט געוואָלט בלייבן לענגער, האָט באַקומען פריי אַ טאָג אין דער וואָך צו גיין אין שטאָט אַריין. די אַרבעט אויף די פעלדער איז אָנגעגאַנגען אונטער דער אויפזיכט פון פּוילישע אויפזעער. מען האָט געאַרבעט גרופּנווייז. יידן האָבן זיך איינגעלעבט מיט די פּוילישע אַרבעטס־אויפזעער, וואָס האָבן זיך נישט באַצויגן צו זיי ברוטאַל. פון שלאָגן ביי דער אַרבעט האָט מען נישט געהערט.

אין דער צייט ווען דאָס קורטשעוווער לאַגער־לעבן האָט זיך סטאַביליזירט מיט דערטרעגלעכע באַדינגונגען, האָבן זיך אויף דעם געטאָ אַ שאָט געטאָן נייע גזרות און רעפּרעסיעס. טאָג און נאַכט איז אָנגעגאַנגען אַ כאַפּעריי אויף אַרבעט. יונגערע מענער זענען, מיט איבעררייסן, געלעגן פאַרשטעקטע אין פינצטערע בוידעם־לעכער און אין אונטערערדישע באַהעלטענישן. אין מיטן ברען פון די כאַפּ־אַקציעס אין געטאָ, פלעגן די כאַפּערס באַפרייען יעדן ייד, וואָס האָט ביי זיך געהאַט אַ צעטל פון קורטשעוווער אַרבעטס־לאַגער. דער דאָזי־קער פאַקט האָט די יידן אין געטאָ געצווונגען צו רעספּעקטירן דעם פּלאַץ. די פאַרהאַלטענע געטאָ־יידן האָבן מקנא געווען די, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען אויף די זומפּיקע פעלדער. נאָך אַזעלכע כאַפּערייען פלעגן יידן זיך מאַסנווייז מעלדן פרייוויליק אַלס קאַנדידאַטן אויף אַרבעט אין קורטשעוווער לאַגער. אַזוי אַרום איז דער לאַגער אין אַ קורצער צייט איבערפילט געוואָרן מיט מער מענטשן, וויפל די אַרבעטס־פּלענער האָבן פאַרלאַנגט. דער דראַנג נאָך קורטשעוו האָט געמוזט אָפּגעשטעלט ווערן מיט אַ מעלדונג פון יודנראַט, אַז קיין נייע אַרבעטס־קאַנדידאַטן ווערן נישט אָנגענומען.

זומער 1942, ווען קיין טרעבלינקע זענען טאָג־טעגלעך געלאָפן איבער־פולטע צוגן מיט יידן; ווען פון סאָקאָלאָווער געטאָ פלעגן יידן פאַרשיקט ווערן אויף „אַרבעט״ אין אומבאַקאַנטע ערטער פונוואַנען קיינער איז נישט צוריק־געקומען, איז דער קורטשעוווער לאַגער זיך צעוואַקסן און געציילט איבער טויזנט יידן. ד״ר הערמאַן איז געווען אינפאָרמירט וועגן דעם מאַסן־צופלוס פון סאָקאָלאָווער יידן קיין קורטשעוו. ער האָט אָבער נישט געהאַט דאַקעגן, אַז יידן זאָלן זיך קאָנצענטרירן אין אָט דעם פּונקט. פון אָנהייב פלעגט ער אָפט קומען אין אַרבעטס־לאַגער נאָכקוקן די „אָרדענונג״. ער האָט אָבסערווירט די אַרבעטס־גרופּן אויף די פעלדער. אַממיינסטן האָט אים אינטערעסירט די צאָל יידן אין קורטשעוו.

אין די שרעקלעכע טעג פון אויסראָטונגס־אַקציעס אין סאָקאָלאָוו האָט דער קורטשעוווער לאַגער אויפגענומען יידישע פּליטים פון געטאָ. די צאָל יידן האָט דעמאָלט דאָ דערגרייכט איבער טויזנט פינף הונדערט. די פון שטאָט אַנטלאָפענע יידן, וואָס זענען בשלום אָנגעקומען קיין קורטשעוו, האָבן אונטערן איינדרוק פון נאָך עקזיסטירנדיקן יידיש לעבן אין לאַגער, זיך געשאַפן אַ פאַרצווייפלטן

גלויבן, אַז זיי האָבן זיך געראַטעוועט פון טויט. אין דער אמתן, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט ד״ר הערמאַן פאַרוואַנדלט דעם יידישן אַרבעטס־לאַגער פאַר אַ שטייג, ווו ער האָט אַריינגעקריגן אַלע פון געטאָ אַנטלאָפענע יידן אין די טעג, ווען דאָס יידישע סאָקאָלאָוו איז פאַרטיליקט געוואָרן.

אָקטאָבער 1942 איז ד״ר הערמאַן פאַרפאָרן אין קורטשעווער לאַגער. דאָס באַווייזן זיך פון דעם מאַסן־מערדער האָט דאָס מאָל אַרויסגערופן טויט־שרעק ביי די לאַגער־יידן. דאָס מאָל איז ד״ר הערמאַן געקומען מיט אַ נייעם טייוולאַנישן פּלאַן. זיין מערדערישע כוונה איז געווען פאַרשלייערט. פאַר דער אָנפירונג פון לאַגער האָט ער אויפגעקלערט, אַז אַזוי ווי עס קומען אין קורצן אָן די פראָסטן, וויל ער פאַרן לאַגער באַזאָרגן אַ גרויסן קוואַנטום קאַרטאָפל און קרויט. צו דעם צוועק האָט ער פאַראָרדנט, אַז אין לאַגער זאָלן אויסגעגראָבן ווערן טיפע, לאַנגע גריבער פאַר די הונדערטער זעק קאַרטאָפל, וואָס האָט, לויט זיינע רייד, געדאַרפט זיין דאָס הויפּט־שפּייז פאַר די לאַגער־מענטשן אין משך פון ווינטער. ד״ר הערמאַן האָט געוווּסט, אַז די סאָקאָלאָווער יידן קענען אים שוין גוט, מיט זיינע טייוולאַנישע איינפאַלן, האָט ער גערעדט מיט אַן ערנסטן טאָן און זיך באַמיט אַרויסצורופן וואָס מער צוטרוי צו זיינע רייד. ער האָט פאַרגעשטעלט אַרבעטס־פּלענער אויף אַ לענגערער צייט.

נאָך ד״ר הערמאַנס באַזוך אין לאַגער, האָט זיך קיינער פון די יידן שוין נישט געמאַכט קיין אילוזיעס. מען האָט געוווּסט ווי זיך צו באַציען צו זיינע פאַרזיכערונגען. יעדער איינער אין לאַגער האָט געפילט, אַז דער טויט־אורטייל הענגט איבער זיין קאָפּ. נישט געקוקט דערויף האָט מען אָבער געמיינט, אַז די צוגעזאָגטע שפּייז־טראַנספּאָרטן וועלן אָנקומען, ווייל עס זענען דאָך געווען פאַרויסגעזען גרויסע אַרבעטן אויף די פעלדער. דערפאַר האָט מען אין לאַגער אויסגעגראָבן לאַנגע גריבער, וואָס זענען געשטאַנען אָפן, גרייט פאַר די קאַר־טאָפל־טראַנספּאָרטן.

ווען איך האָב אין נאָוועמבער, 1942 פאַרלאָזט סאָקאָלאָוו אויפן וועג קיין וואַרשע, מיט אַרישע פּאַפּירן אין טאַש, האָב איך געוווּסט, אַז די יידן אין קורטשעווער לאַגער לעבן אין טויט־שרעק. אין סאָקאָלאָוו האָבן די פּאָליאַקן געוווּסט פאַרצוזאָגן טערמינען, ווען דער קורטשעווער לאַגער דאַרף פאַרניכטעט ווערן.

שוין זייענדיק אין דייטשלאַנד, אויף צוואַנג־אַרבעט, אַלס פּאָליאַק צווישן פּאָליאַקן, איז מיר געלונגען צו דערגיין וועגן טראַגישן סוף פון די רעשט סאָקאָלאָווער יידן אין קורטשעווער לאַגער. עס האָט מיר וועגן דעם דערציילט איינער אַ קורטשעווער פּאָליאַק, אַ געוויסער סטאַניסלאַוו כאַמעלאַנטשיק. דאָס קאָן באַטראַכט ווערן ווי אַ גבית עדות.

סטאַניסלאַוו כאַמעלאַנטשיק איז געווען מיינער אַ שכן אין פּוילישן אַרבעטס־לאַגער אין דייטשלאַנד. ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז ער איז פון דאָרף קורטשעוו, האָב איך אָפט אים אַרויפגעפירט אויף געשפּרעכן וועגן די יידן אין

קורטשעווער לאַגער. ער האָט נישט געוווסט, אַז ער רעדט מיט אַ פאַרשטעלטן ייד. איך בין דעריבער געווען אונטערן אײַנדרוק, אַז ער דערציילט מיר דעם גאַנצן אמת.

באַמעלאַנטשיק האָט מיר דערציילט:

— איך בין געווען איינער פון די פּוילישע אויפזעער איבער די יידן ביי דער אַרבעט. דעם 26טן נאָוועמבער 1942 בין איך, ווי יעדן טאָג אין דער זעלבער צייט געקומען אָפּצונעמען די גרופּע יידישע אַרבעטער. ווען איך האָב זיך דערנענטערט צום לאַגער, האָב איך דערזען מיליטערישע אויטאָס מיט שווערע מאַשין־ביקסן, גרייט צום שיסן. אַרום די לאַגער־דראָטן זענען געשטאַנען גע־דיכטע באַוואָפנטע וואַכן פון אוקראַינער און פון דער זאָנדערדינסט. איך האָב זיך צו זיי דערנענטערט און זיי אויפגעקלערט דעם ציל פון מיין קומען. מיט שפּאָט האָבן זיי מיר געענטפערט: קוק זיך גוט איין, וועסטו זעען וואָס מיר מאַכן פון די יידן. איך האָב זיך דערנענטערט צו די דראָטן און דערזעען ווי אַרום יעדן באַראַק, ווו די יידן זענען געווען פאַרשפאַרט, זענען געשטאַנען באַוואָפנטע סאָלדאַטן אין קאַמפּס־גרייטקייט. אַנדערע האָבן גרופּנווייז אַרויסגעפירט די יידן צו די אָפענע גריבער, ווו עס זענען געשטאַנען צענדליקער אוקראַינער אין גרינע מונדירן. מיט אייזערנע דרענגער האָבן זיי געהאַקט איבער די קעפּ. נאָך אַזאַ זעץ איבערן קאָפּ איז דער ייד גלייך אַריינגעפאַלן אין גרוב.

ד״ר הערמאַן האָט אָנגעפירט מיט דער אַקציע. ער איז אַרומגעלאָפן אַרום יעדן גרוב און אָנגעוויזן די שלעגער צו טוישן די ערטער, כדי די גריבער זאָלן גלייכמעסיק אָנגעפילט ווערן. ד״ר הערמאַן האָט נישט געלאָזט באַניצן קיין הייס געווער ביים אָנהויב פון דער אַקציע, כדי די לאַגער־מענטשן זאָלן זיך נישט באַלד אָריענטירן, אַז מען פירט זיי צום טויט צו די אָפענע גריבער. גיך האָבן די יידן דערפילט וואָס עס קומט פאָר. פון די באַראַקן האָבן זיך מיט אַ מאָל דערטראָגן געשרייען. ס'האָט אויסגעזען ווי די אינעווייניק פאַרשפאַרטע יידן ווילן דורכרייסן די באַראַקן־ווענט, ווילן זיך אַרויסרייסן פון זיי מיט די לעצטע כוחות. די אוקראַינער האָבן זיך צוריקגעצויגן פון די באַראַקן. ד״ר הערמאַן האָט געגעבן אַ באַפעל און גלייך האָט אַ האָגל מיט קוילן פון די שווערע מאַשין־ביקסן זיך אַ שאָט געטאָן אויף די ווענט פון די באַראַקן. דער פריער־דיקער פאַרצווייפלונג־אויפברויז האָט זיך איינגעשטילט. מען האָט איצט געהערט גסיסה־קרעכצן פון פאַרווונדעטע, דורכגעשאָסענע יידן. די פאַרניכטונג איז ווייטער אָנגעגאַנגען. ווידער האָבן אוקראַינער און די זאָנדערדינסט־טרופּן אַרויסגעשלעפּט די יידן און מיט די באַגנעטן אויף די ביקסן געשטויסן מענטשן צו די אָפענע גריבער. די יידן האָבן אויסגעזען פאַרלוירן. מ'האָט אויך געזען יידן, וואָס האָבן זיך געאַמפּערט, געשאָלטן, נישט געלאָזט זיך טרייבן. די זענען גלייך דערמאָרדעט געוואָרן נאָך איידער זיי זענען דערגאַנגען צום גרוב. דאָס האַקן איבער די קעפּ האָט געדויערט שעהן־לאַנג. יעדע פּאָר מינוט האָבן זיך די מערדער געטוישט מיט די אייזנס. אין פראַקטיקע ווינטער־טעג האָט דאָס

ביי זיי אויסגעזען, ווי עפּעס אַן אַרבעט זיך צו דערוואַרעמען אין דער שטאַרקער קעלט. ס׳איז געווען אַ שרעק צו קוקן, ווי הונדערטער מענטשן פאַלן ווי אונטער־געהאַקטע בוימער און די גריבער ווערן פאַרפולט מיט טויטע און נאָך לעבעדיקע קערפּערס. איך האָב מער נישט געקאָנט קוקן, בין איך אַוועק פון די דראָטן צוריק אין דאָרף אַריין.

שפּעטער האָט מען ביי אונז דערציילט, אַז אַזוי ווי דער ווינטער־טאָג איז געווען צו קורץ פאַר אַזאַ מאַסן־פאַרטיליקונג, האָבן די דייטשן לסוף באַנוצט מאַשין־געווער און דערמיט צוגעאיילט דאָס אומברענגען אַלע לאַגער־יידן. קורטשעווער פאָליאַקן זענען דערנאָך געווען געטריבן מיט לאָפּעטעס צו פאַר־שיטן די גריבער. דער גאַנצער לאַגער־שטח האָט אויסגעזען ווי אַ שעכט־הויז. דער שניי איז באַדעקט געוואָרן מיט קאַלוזשעס בלוט. די טריט פון טויזנטער פיס אין ווייס־רויטן שניי זענען געבליבן, ווי די לעצטע סימנים פון דעם מאַסן־מאָרד אין קורטשעווער אַרבעטס־לאַגער.

## אויך זיי —
## שונאים

פאַר זייער אָנפאַל אויף די סאָוויעטן, האָבן די דייטשן אַרומגעצוימט מיט געדיכטע רייען שטעכל־דראָט אַ ריזיק גרויסן פעלד־שטח אויפן וועג צווישן סאָקאָלאָוו און שעדלעץ, נאָענט פון דאָרף סוכאָזשעברע. עס זענען דעמאָלט פאַרשפּרייט געוואָרן ערנסטע קלאַנגען, אַז אין דעם פאַרצוימטן שטח זאָל זיין אַ קאָנצענטראַציע־פּונקט פאַר די יידן פון גרענעץ־געביט ביים בוג. די דאָזיקע קלאַנגען האָבן זיך פאַרשטאַרקט, נאָך דעם ווי די דייטשן אַליין האָבן וועגן דעם גענומען רעדן. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָבן די דייטשן דערמיט געוואָלט אָפּווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון דער פּוילישער באַפעל־קערונג פון דעםווירקלעכן צוועק, פאַר וועלכן עס איז געווען באַשטימט דער אַרומגעצוימטער פלאַץ.

שוין דעם ערשטן טאָג נאָכן דייטשן אָנפאַל איבערן בוג, זענען דורך סאָקאָלאָוו פאַרבייגעגאַנגען די ערשטע מחנות סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע. מען האָט זיי געפירט אין דער ריכטונג צום שעדלעצער שאָסיי. אין די ווייטער־דיקע טעג האָבן אָנגעהויבן שטראָמען רייען מיט טויזנטער געפאַנגענע — אין דער זעלבער ריכטונג. עס איז גיך באַוווסט געוואָרן, אַז די אַלע געפאַנגענע ווערן אינטערנירט הינטער די פאַרצוימונגען, וואָס זענען מיט וואָכן פריער אויפגעשטעלט געוואָרן ביי סוכאָזשעברע.

דורך דעם שעדלעצער וועג האָבן דורכמאַרשירט צענדליקער טויזנטער קריגס־געפאַנגענע. ווען די דייטשע אַרמייען זענען שוין געהאַט דערגאַנגען ביז הינטער ביאַליסטאָק, האָבן נאָך אַלץ יעדן טאָג געשטראָמט מחנות סאָלדאַטן און ציווילע, געטריבן פון שטאַרק־באַוואָפנטע וואַכן. פון זייער מידן גאַנג איז געווען צו דערקענען, אַז די געפאַנגענע קומען פון ווייטע מקומות. נאָך בערך צוויי וואָכן אומאויפהערלעכע מאַרשן איבער דער שעדלעצער גאַס, האָט מען גענומען שמועסן, אַז הינטער די דראָטן אין סוכאָזשעברער לאַגער זענען צו־זאַמענגעטריבן געוואָרן קרוב הונדערט טויזנט קריגס־געפאַנגענע.

אין איינעם אַ טאָג, סוף אָקטאָבער 1941, איז אין סאָקאָלאָוו פּלוצלינג באַקאַנט געוואָרן, אַז אַ נאַכט פריער האָבן די סאָוויעטישע קריגס־געפאַנגענע געמאַכט אַן אויפשטאַנד און כמעט אַלע זענען זיי זיך צעלאָפן אין די אַרומיקע וועלדער.

די אַנטלאָפענע אויפשטענדלער האָבן זיך איינגעאָרדנט אין אונטער־ערדישע היילן און אָנגעהויבן דאָרט פירן אַ פּאַרטיזאַנער־לעבן.

פון יענער צייט אָן האָט זיך אין סאָקאָלאָווער קרייז אָנגעהויבן די „פּאַרטי־זאַנקע".

אַ באַזונדערע פּאַראינטערעסירונג האָט אַרויסגעוויזן צו די פּאַרטיזאַנער אַ טייל יידן אין סאָקאָלאָוו. זיי האָבן געהאָפט צו געפונען ביי זיי אַן אויסוועג אין אַן עת צרה פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. אייניקע מאָל זענען מצד יידן געמאַכט געוואָרן פּרוּוון צו קומען אין קאָנטאַקט מיט די פּאַרטיזאַנער. דער ענטפער איז שטענדיק געווען אַ נעגאַטיווער. דאָס לעצטע מאָל איז געמאַכט געוואָרן אַזאַ פּרוּוו אין יולי 1942.

אליהו זאַלצבערג, ישראל גרינבערג און יצחק אַדלער — דער לעצטער אַ קאַלישער פּליט — האָבן נאָך אַ באַראַטונג אין מיין וווינונג, באַשלאָסן ווידער פּרוּוון מזל און אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט די פּאַרטיזאַנער־גרופּן פון די וועלדער צווישן סאָקאָלאָוו און קאָסאָוו. דער פּלאַן איז געווען צו גרינדן אַ באַוואָפנטע גרופּע, וועלכע זאָל זיך אַרויסקריגן אויף שטענדיק פון געטאָ און מאַכן אַ וועג פאַר מערערע יידישע גרופּן, וואָס זאָלן אין אַ נויט־פאַל זיך קאָנען אַריבערטראָגן אין וואַלד. דאָס מאָל איז געווען דער שליח דער קאַלישער פּליט, יצחק אַדלער, אַ געוועזענער אָפיציר אין דער פּוילישער אַרמיי. ער האָט געהאַט קאָנטשאַפט מיט אייניקע אונטערערדישע טוער פון דער „אַרמיאַ קראַיאָוואַ". דורך זייער פאַרמיטלונג האָט ער זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אייניקע פּויערים, וואָס האָבן געהאַט אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיט די פּאַרטיזאַנער אין וואַלד. נאָך צוויי טעג איז אַדלער צוריקגעקומען אַן אַנטוישטער און פאַרצווייפלטער. ער האָט איבערגעגעבן:

„די רוסן (די פּאַרטיזאַנער) זענען פאַרכאַפּט פון אַ שרעקלעכן אַנטיסע־מיטיזם. זיי וויזן נישט אַרויס קיין שום קעגנערשאַפט צו דער דייטשער יידן־אויסראָטונג. ס'איז ליידער נישטאָ קיין האָפענונג דורכצופירן אונזערע פּלענער. די פּאַרטיזאַנער האָבן קאַטעגאָריש געוואָרנט, אַז זיי וועלן אונז פאַריאָגן פון וואַלד". דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ.

איך וויל דערמאָנען נאָך אַ פּרוּוו צו שטעלן זיך אין קאָנטאַקט מיט די פּאַרטיזאַנער אין די קורטשעווער וועלדער.

נאָכן אויפשטאַנד אין סוכאָזשעברע איז געקומען קיין סאָקאָלאָוו איינער פון די אַנטלאָפענע קריגס־געפאַנגענע, אַ רוסישער ייד פון מינסק. ער האָט שפּעטער זיך אויפגעהאַלטן און געלעבט צוזאַמען מיט די יידן אין געטאָ.

ווען ס'איז אַנטשטאַנען דער קורטשעווער לאַגער, איז ער אַהין אַוועק אַרבעטן. אין דער זעלבער צייט האָט ער אָנגעקניפּט באַציאונגען מיט די פּאַרטיזאַנער פון יענער ריכטונג. אַ פּאָר וואָכן פאַר דער פאַרניכטונג האָט אַ טייל יידן פון קורטשעווער לאַגער זיך געוואָלט פאַראייניקן מיט די פּאַרטי־זאַנער. דער מינסקער ייד איז געווען דער פאַרבינדלער. דער ייד האָט נישט געקאָנט באַאיינפלוסן די פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן איבערגעשיקט אַ וואָרענונג און געדראָט די יידן, אַז זיי זאָלן נישט וואַגן זיך צו באַווייזן אין וואַלד. נאָך דעם איז דער מינסקער ייד פאַרשוווּנדן און זיך שוין מער נישט באַוויזן.

ווען יידן זענען אַנטלאָפן אין פעלדער און וועלדער — זענען אויך זיי דורכגעפירט געוואָרן פיל באַנדיטישע רויב־אָנפאַלן מצד די פּאַרטיזאַנער־גרופּן. זיי האָבן פון די יידן אַלץ אַראָפּגעשלעפּט.

אין די פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין וואַלד־מענטשן; וואָס האָבן מיט אַלע מיטלען געקעמפט פאַר זייער לעבן, האָבן סאָקאָלאָווער יידן נישט געקאָנט געפונען קיין פאַרבינדעטע, כדי צו ראַטעווען כאָטש אַ קליינעם טייל פון אומקום.

# אַ טראַפּן טרייסט
# אין ים פון פּיין

דאָס גייסטיקע לעבן אין סאָקאָלאָווער געטאָ איז געווען ווייט פון זיין אַ המשך פון דעם רייכן קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטעטל פאַרן קריג. עס איז געבליבן בלויז אַ סענטימענטאַלע וואַרעמע בענקשאַפט נאָך דעם, וואָס איז פריער געווען, און איז שוין מער נישטאָ.

איינגעשפּאַרט אין גלויבן, אַז דאָס שלעכטס וועט פאַרבייגיין און ווידער וועט זיך באַהעפטן די איבערגעריסענע קייט פון יידישן לעבן, האָבן יידן שטיל אין־זיך געחלומט, אַז עס וועט קומען אַ נייע צייט וואָס וועט זיי צוריקגעבן זייער גייסטיקן צלם אלוקים.

די דאָזיקע שטילע בענקשאַפטן האָבן די יידן אין געטאָ געברענגט צום אויסדרוק אין משפחה־קרייז, אין די שטיבלעך ביים דאַווענען, בעת פּריוואַטע צוזאַמענטרעפן, ביי אינטים־חברישע שמועסן און ענלעכע געלעגנהייטן.

די שטיבלעך, ווו מען פלעגט זיך צונויפקומען דאַווענען, זענען געווען די צוזאַמענטרעף־ערטער פאַר רעליגיעזע יידן. די דייטשע מאַכט האָט געוווסט, אַז יידן קומען זיך צוזאַמען צום דאַווענען. אַזאַ פאַרזאַמלונג פון רעליגיעזן כאַראַקטער איז מכלומרשט געווען לעגאַל.

אין די דאָזיקע שטיבלעך, ווו ס'איז געשטאַנען אַן ארון־קודש מיט אַ ספרים־שענקל, האָבן יידן שעהן־לאַנג פאַרברענגט, געמיינזאַם געלערנט, גע־לייענט, געשמועסט פּאָליטיק. דאָס האָט זיי גייסטיק דערהויבן איבער דער טאָג־טעגלעכער, גראָער וואָכעדיקייט פון געטאָ־לעבן. דאָ האָבן זיי זיך באַהאָפטן מיט יענער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט, צו וועלכער זיי האָבן טיף אין האַרץ אַזוי שטאַרק געבענקט.

איך דערמאָן זיך אין אַזאַ מקום־קודש, וואָס איז געווען ביי ישראל־מרדכי יאַנקל סלאָוויטיטשערס אין בוידעם־שטיבל אויף פּיענקנע 17. דאָרט האָבן גע־לערנט פאַרן עולם, אַ פּאָר מאָל אין דער וואָך און יעדן שבת אין דער פרי — דער שוחט, ר' שמואל יאָסל (לערמאַן) און ישראל גאָלדפאַרב. דאָ פלעגן זיך

פאַרזאַמלען די שכנים פון רבינס הויז. אין דעם שטיבל פלעג איך אָפט קומען קדיש־זאָגן נאָך מיין פאָטער ע״ה. יענע פאַרנאַכטן און שבת־פרימאָרגנס זענען געבליבן טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון. יידן האָבן געדאַוונט, געלערנט און זיך באַהאַפטן מיט זייער גלויבן אין אַ מאָדנער, פאַרבאָרגענער שטילקייט, ווי די אַמאָליקע אנוסים. דאָ האָב איך געזען דעם גרויסן פאַרבינדונגס־כוח פון יידן אין געטאָ; דאָ איז אויפגעהיטן געוואָרן דאָס שיינע און דערהויבענע וואָס איז געוואָרן געשענדעט; דאָ האָבן יידן זיך געשטאַרקט אין זייער ווילן איבערצולעבן די שרעקלעכע צייט און איבערלעבן זי — ווי מענטשן און ווי יידן.

אין געטאָ זענען געווען פיל אַזעלכע שטיבלעך, פון וואַנען הונדערטער יידן פלעגן זיך — נאָך די צוזאַמענטרעפן — פונאַנדערגיין מיט דערוואַכטע האָפענונגען אויף דערלייזונג. אין די היימען האָבן די פרויען און קינדער שפּעטער אויסגעהערט דאָס, וואָס די מענער און פאָטערס האָבן נאָכדערציילט. די קינדער האָבן אויפגעוואַכט, צוזעענדיק ווי אויף דער מאַמעס פאַרטרויערט פנים צעלייגט זיך אַ שמייכל. יידן פון געטאָ האָבן זיך אָפט איבערגעגעבן פון מויל צו מויל פאַרשידענע „גוטע בשורות" וואָס האָבן געשטאַרקט די הערצער און געמונטערט דעם ווילן צום לעבן און איבערצולעבן.

דער יונגערער דור, וואָס האָט זיך געפילט גייסטיק פאַריתומט נאָכן אונ־טערגאַנג פון די שולן, ביבליאָטעקן, פאַרטיי־קלובן און קולטור־אָרגאַניזאַציעס, האָט אויך געזוכט אין געטאָ עפּעס, וואָס זאָל באַרואיקן זיין בענקשאַפט.

האָט דאָס לעבן אין געטאָ אַרויסגעבראַכט מענטשן, וואָס האָבן זיך אַנט־קעגנגעשטעלט די טראַגישע ווירקלעכקייט, וואָס האָבן דערהויבן זיך און אַנדערע אין דעם אַלגעמיינעם גייסטיקן עלנט.

ביי ברוך־הערש וויינטרויב אין דער רעזורע איז פול געווען מיט מענטשן. דאָ האָט געהאַט זיין זיך־אָרט בערעלע, וואָס האָט אין די נעכט, ערגעץ אויף אַ בוידעם־שטיבל, איינגעטוליעט אין שמאַטעס, פאַרפאַסט „לידער" פון געטאָ־לעבן. ער האָט זיי טאָג־טעגלעך אויסגעזונגען פאַר גרופּן צוהערער.

אין וויינטרויבס רעזורע האָט זיך בערעלע באַוויזן אין אַ האַרבסטיקן טאָג פון יאָר 1941. ער איז געווען אַ נידעריק מיטליאָריק יידל. ער איז געקומען אין אַ פּאָר הויכע שטיוול און מיט אַ שטריק אַרומגעגאַרטלט דעם ברייטן ווינטער־פּאַלטן. פון אונטער זיין גויאישק לאַקירטן דאַשיק האָבן אַפּערגעקוקט אַ פּאָר בלויע אויגן. דורך די פיר ציינער פון זיין מויל אויפן ברייט־פלאַכן פנים, האָט ער זיך פאַרגעשטעלט, זינגענדיק:

> איך בין בערעלע פון די לאָדזשער גאַסן,
> פון דער גאַנצער שטאָט געלאַכט, און פון יעדן געטאָן שפּאַסן,
> געהאַנדלט מיט פאַנטשקעס, בייגל און קיכעלעך,
> מיט רעש אַרומגעלאָפן אין צעריסענע שיכעלעך.

איך בין דאָס דער בערעלע פון די לאָדזשער גאַסן,
היינט שוין אַ מידער, גייט קוים געלאַסן.
הינטער טיר און פענצטער זינג איך מיין ליד,
אַ וואַנדערנדיקער פון געטאָ צו געטאָ, אַ פאַרשטעלטער ייד.

מיט אַט דעם ערשטן ליד, פון וועלכן איך געדענק בלויז די צוויי סטראָפן, האָט זיך בערעלע פאַרהיימישט מיט די סאָקאָלאָווער יידן.

ווינטרויב האָט דערזען אין בערעלען אַ מענטש, וואָס וועט אַריינציען אַ סך געסט אין זיין רעזורע, האָט ער אים מכבד געווען מיט עסן און אים באַזעצט אין אַ ווינקל, פון וואַנען ער האָט דעקלאַמירט און געזונגען זיינע לידלעך. אַ דאַנק דעם האָט ער נישט געליטן קיין הונגער.

בערעלע האָט געהאַט אַן אָפן אויג און אָנגעשפּיצטע אויערן אויף אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן יידן. ס׳זענען שוין געווען אַזעלכע, וואָס פלעגן בערעלען דערציילן פון אונטערן פאָרהאַנג. פון זיינע בדחנישע גראַמען האָט מען זיך דערוווסט, ווער ס׳געניסט נאָך פון עולם־הזה אין געטאָ, און וועלכן יודנראַטניקס ווייב עס האָט באַנייט אַ פוטער־מאַנטל. מ׳האָט אפילו געהערט וועגן „ליבעס״ פון די יידישע פּאָליציי־לייט. זיין פּאַראָדיע איבער דער חתונה פונעם אָנפירער פון דער אַרבעטס־אָפּטיילונג ביים יודנראַט, קלמן קלין; וויפל פלייש, פיש און בראָנפן די חתונה האָט פאַרשלינגען, און דאָס אָנרופן די נעמען פון אַלע דייטשישע אָפיצירן־געסט אויף דער חתונה, די „מחותנים״ און אונטער־פירער פון קלמן קלין צו דער חופה — האָט אים געקאָסט זיין פרייהייט, פון וועלכער ער האָט געגאָסן ביז דער דאָזיקער צייט, דורך דעם, וואָס מען האָט אים נישט געכאַפּט צו דער אַרבעט.

ווען בערעלע האָט זיך דערוווסט, אַז פון יודנראַט האָט מען אויף אים געוואָרפן אַן אויג און די יידישע אַרבעטס־אָפּטיילונג האַלט אים פאַר אַ קאַנ־דידאַט ערגעץ צו פאַרשיקן אויף אַרבעט, איז ער אויף אַ קורצער צייט פאַר־שוווּנדן פון געטאָ. ער האָט זיך געלאָזט איבער די דערפער, איבערגעטאָן ווי אַ בעטלער.

אין די גרויסע פרעסט פון ווינטער 1941 האָט זיך בערעלע ווידער באַוויזן אין געטאָ. דאָס מאָל שוין נישט ביי ווינטרויבן אין דער רעזורע, נאָר אין פּריוואַטע שטיבן, ווו ער האָט געקריגן עפּעס אָפּצועסן. אַ חשובער גאַסט איז ער געווען ביי די סאָקאָלאָווער קצבים, ווו ער האָט, אַ זאַטער און דערוואַרעמ־טער, מיט זיינע לידער פריילעכער געמאַכט אויפן האַרצן.

אין געטאָ איז נישט געווען קיין איין יידישע שטוב, וואָס זאָל זיך אָפּזאָגן פון אויפנעמען בערעלען מיט כבוד, טיילן זיך מיט אים מיטן אויסגערעכנטן ביסל עסן. ווען שכנים פלעגן דערהערן בערעלעס שטים, זענען זיי זיך צוזאַמענ־געקומען אויסהערן זיינע לידער, געזונגענע מיט טרויעריקע מעלאָדיעס, וואָס האָבן אַרויסגערופן טרערן. בערעלע האָט אָבער נישט ליב געהאַט איבערצו־

לאָזן זיינע גאַסטגעבער אין אַ געדריקטער שטימונג, איז ער באַלד איבער־געגאַנגען אויף פריילעכע טענער:

ווײנט נישט קינדערלעך, מיר זענען נאָך נישט פאַרלוירן,
צו ליידן, און פּיין, זענען יידן געבוירן.
די גלאָקן פון פרייהייט מירן נאָך הערן קלינגען,
מיט אייך צוזאַמען וועט בערעלע טאַנצנדיק זינגען.

ווען בערעלע האָט געהאַט אָנגעזאַמלט אַ ביסל שפּייז „אויף לאַגער" אין זיין בוידעם־שטיבל, איז ער אַרומגעגאַנגען אין געטאָ אָן זיינע בעטלער־טאָרבעס הינטער די פּאָלעס. ער האָט דעמאָלט אַראָפּגעצויגן פון זיך די שלעפּערישע בגדים און נישט געזונגען די לידער, וואָס האָבן געוועקט צו אים רחמנות. ווי באַווירקט פון עפּעס אַ פאַרבאָרגענער שליחות צווישן די סאָקאָלאָווער יידן, האָט בערעלע אין אַזעלכע טעג געזונגען לידער, וואָס האָבן גערופן צום קאַמף, נישט פאַלן פון מוט, זיך גייסטיק צו שטאַרקן. פון אַלע די לידער, וואָס בערעלע פלעגט אויסזינגען, זענען מיר געבליבן אין זכרון אייניקע פערזן:

שטילער, שטילער, זאָלן די פיינט נישט הערן אונזער געוויין,
זאָל דער שונא פּלאַצן און שטשירען מיט די ציין.
מיט שטאָלצע טריט, די רוקנס גלייך,
אויף אויסגעדאַרטע פיס, מיט פּנימער וואָס זענען בלייך.

און נאָך אַ ליד, וואָס בערעלע פלעגט זינגען מיט גרויס טעמפּעראַמענט:

ביילט די פויסטן קעגן די געטאָ־וועכטער,
שפּייט זיי אין פּנים מיט אַ בייסיק געלעכטער:
מיר, די אומשולדיקע, הינטער די דראָטן פאַרשטעקטע,
איר, אויף דער פריי, מיט בלוטיקע הענט באַפלעקטע.

איך ווייס נישט אויסצורעכענען אין וויפל שטיבן בערעלע איז אַריינגעקומען. אָבער אין געטאָ האָבן אַלע געקאָנט בערעלען און זייער פיל האָבן אויסגעהערט זיין געזאַנג: ווער מיט ערנסט און ווער מיט חוזק. אַלע זענען פון בערעלעס געזאַנג געוואָרן דערמונטערט. זיינע לידער האָבן געהאָלפן צום גייסטיקן ווידער־שטאַנד, צום נישט־אונטערגעבן זיך דעם הונגער, קרענק, קברים.

אין פרילינג 1942 איז בערעלע צוזאַמען מיט אַ גרעסערער גרופּע געכאַפּטע יידן פאַרשיקט געוואָרן ערגעץ אויף אַרבעט. פון די צעעפנטע פענצטער פון יודנראַט־בנין האָט מען געהערט בערעלעס אַ מוטיקע רעדע צו די פאַרכאַפּטע. אין יענעם טאָג האָט בערעלע דורכן אָפענעם פענצטער צום לעצטן מאָל גע־זונגען צו די סאָקאָלאָווער יידן.

# געטא-געשטאלטן

## דער פעלדשער וואנס

די צייט ווען עס האָט געהערשט די טיפוס־עפּידעמיע קען מען באַטראַכטן, ווי איינע פון די פיינלעכסטע אָפּשניטן פון דער געטאָ־תקופה. ווי שטאַרק האָט געדאַרפט זיין דער ווילן צום לעבן, כדי מען זאָל קאָנען איינהאַלטן דעם גייסטיקן גלייכגעוויכט און קעמפן קעגן דער מגפה? וויפל מאָראַלישע שטאַנדהאַפטיקייט האָט געדאַרפט פאַרמאָגן אַ געפּייניקטער געטאָ־ייד, כדי נישט אַריינצופאַלן אין יאוש? שטאַרקן דעם אויסדויער־כוח פון די מענטשן אין זייער שווערן געראַנגל מיט דער עפּידעמיע, האָט מיט מסירות־נפש געהאָלפן דער באַליבטער פעלדשער אהרן וואָנס.

אהרן וואָנס איז געווען אַ דאַר נידעריק יידל, נאָענט פון די זעכציקער. ער האָט געהאַט אַ סאָלידן, רואיקן גאַנג, איז געווען מאָדערן געקליידעט, אַ שטענדיק צעקעמט און אויסגעפּוצט צוויי־שפּיציק גרוי בערדל, האָט באַצירט זיין ערנסט פּנים, מיט דעם געקנייטשטן גרויסן שטערן.

אין שטעטל האָט ער צו זיך געצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט מיט זיין אייגנאַרטיקן אויסזען. צווישן די פיל יידן אין טראַדיציאָנעלע יידישע בגדים, האָט זיך וואָנס אויסגעטיילט מיט זיין אייראָפּעאישער קליידונג: אַ קורץ רעקל מיט שטייפע געפּרעסטע הויזן, אַ „ליסאָפּעד"־היטל מיט אַ קנעפּעלע אין מיטן. גייענדיק מיט זיין שפּאַציר־שטעקעלע אין האַנט, האָט ער ווי געמאָסטן די קורצע און לאַנגזאַמע טריט פון זיינע פיס אין די גלאַנציקע לאַטשן. מיט זיין באַנעמונג, אַרט רעדן און זיין גאַנצן שטייגער האָט ער זיך אונטערשיידט פון אַלע שטעטלדיקע יידן אין זיין עלטער. דאָס האָט אַרויסגערופן רעספּעקט צו „פּאַניע וואָנס", דעם סטאַרשי פעלדשער.

אהרן וואָנס האָט געשטאַמט פון נאַשעלסק. ער איז געווען אַ „געבוירענער" פעלדשער. אין די יונגע יאָרן האָט ער געלערנט אין דער גערער ישיבה. פון דאָרט אַרויס האָט אים, ווי דעם בעסטן ישיבה־בחור, גענומען פאַר אַן איידעם יאַנקל פעלדשער פון גער. ער האָט ביי אים געגעסן קעסט. דעם יונגן וואָנסן האָט אָבער געצויגן צו מאָדערנער בילדונג, איז ער אַריין אין דער ראָדעמער

שולע פון פעלדשערס און דאָרט באַקומען אַ דיפּלאָם. אין סאָקאָלאָוו האָט ער זיך באַזעצט באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־קריג און גלייך אָנגעהויבן פּראַק־טיצירן אַלס פעלדשער.

זיין פּנים איז תמיד געווען ערנסט. זעלטן ווען מ׳האָט אויף אים באַמערקט אַ שמייכל. דאָס האָט אים אָבער נישט געשטערט צו ווערן באַליבט אין גאַנצן שטעטל. מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ גוטמוטיקן, היימישן און פריינדלעכן מענטש. ער האָט זיך נישט געמישט אין די שטעטלדיקע קהלשע אַרומרייסענישן. ער איז געווען אַ מענטש מיט אינדיווידועלע אייגנשאַפטן, און ביז גאָר איבער־געגעבן און טריי זיין באַרוף. היילן קראַנקע איז געווען זיין אידעאַל. דערביי האָט ער אָבער אויך הנאה־געהאַט פון דער אַלגעמיינער אָנערקענונג, וואָס מען האָט אים אַרויסגעוויזן. נאָך לאַנגע יאָרן פּראַקטיק פלעגט מען אים שוין רופן אויך צו ערנסט־קראַנקע. מען האָט זיך גערעכנט מיט זיין דיאַגנאָזע. ער איז געווען אי כירורג אי ספּעציאַליסט פאַר אינערלעכע קראַנקייטן. מען האָט אים גערופן צו שטעלן געהאַקטע באַנקעס און אויף וויזיטן צו האָרץ־ליידנדיקע. ער האָט געהאַט זיינע געשווירענע פּאַציענטן צווישן יידן און קריסטן.

יאָרנלאַנג האָט ער געוווינט אויפן שעדלעצער וועג, דאָרט געהאַט זיין קאַבינעטל, וואָס איז פול געווען מיט פאַרשידענע דאָקטאָר־מכשירים. זיין וווינונג איז געווען אויסגעפּוצט, ריין און איינגעאָרדנט מיט פיל געשמאַק.

אהרן וואָנס איז געווען אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלער ייד. זיין באַרוף און די מאָדערנע קליידונג זענען ביי אים נישט געווען קיין קאָנטראַסט צו זיין רעלי־גיעזן דענקען. מען האָט געקאָנט געפינען ביי אים אין שטוב מעדיצינישע און וועלטלעכע ביכער, און דערנעבן אַ שאַנק מיט תורה־ספרים: אַ שיין גע־בונדענעם ש״ס, איבער וועלכן ער פלעגט גאַנץ אָפט זיצן און לערנען, ווי אין די יונגע יאָרן אַלס ישיבה־בחור.

ווען אהרן וואָנס האָט זיך געמוזט אַריבערטראָגן מיט זיין דאָקטאָר־קאַבינעטל פון דער שעדלעצער גאַס אין דער סאַמע ענגשאַפט פון סאָקאָלאָווער געטאָ, האָט ער זיך פלוצים דערפילט אַרויסגעריסן פון זיין שטענדיקער היים. די באַקוועמע דירה, וואָס ער האָט באַקומען אין ביאַלילעווס געמויערטן הויז, האָט אים נישט געקאָנט צוריקגעבן די רו, וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך, אין דעם נידעריקן הילצערנעם הייזל אויף דער שעדלעצער־גאַס, פון וואַנען ער איז פאַרטריבן געוואָרן. עס האָט אים אויסגעזען, אַז אפילו דאָס שענקל מיט דעם איינגעבונדענעם ש״ס און אַלע ספרי קודש און לערן־ביכער קאָנען נישט איינשטימען מיט דער זעלבער רואיקייט און שטילקייט, ווי אין זייערע פריערדיקע יאָרנלאַנגע שטוב־ווינקלען.

דאָס געפיל פון צעשטערטער רו האָט וואָנס געזוכט צו שטילן מיט זיין אומדערמידלעכע אַרבעט אַרום די טיפוס־קראַנקע. נאָך זיין אַרבעט אין געטאָ־שפּיטאָל, איז ער אַרומגעגאַנגען גאַנצע טעג אין די שטובן צו זיינע פּאַציענטן, איילנדיק צו זיי מיט מעדיצינישע הילף. אַממייסטן האָט מען אים געטראָפן

צווישן די אָדעמסטע יידן, ביי וועלכע ער האָט זיך שנעל געלאָזט דערקענען מיט זיין טיף־מענטשלעכער באַציאונג. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין פליכט אין אַזאַ אויסטערלישער צייט איז היילן קראַנקע, זיין האַרץ האָט גלייך דערפילט דעם קרעכץ פון זיינע שטעטלדיקע יידן.

די געמיטלעכקייט, וואָס איז געווען אַזוי אייגן דעם שטילן סאָלידן פעלדשער וואַנס, האָט זיך פון אים גאַנץ אָפּט אָפּגעטאָן, נאָכן קומען פון די וויזיטן אין די ענגע, איבערפולטע געטאָ־שטיבעלעך — די נעסטן פון טיפוס און הונגער. דאָס פאַרשטערטע יידישע לעבן אין שטעטל און די מגיפה — האָבן צעפּיבערט זיין נשמה. ער מיט זיין פילבאַר יידיש האַרץ האָט דאָס אַלץ שווער איבער־געלעבט. ער האָט געזען, ווי דאָס גאַנצע יידישע לעבן שטיקט זיך, אַז אַלץ גייט אונטער, שרייט פון פאַרצווייפלונג און קיין רעטונג איז נישטאָ. אין אָנבליק פון דעם אַלעם האָט זיין גאַנץ לעבן ביז איצט אויסגעזען אים אָרעם און צוועקלאָז.

אָבער ער האָט נישט געקענט צופיל טראַכטן וועגן דעם. דאָס אָפטע קלאַפּן אין זיין טיר האָט איבערגעריסן זיינע טרויעריקע מחשבות. צו דעם קלאַפּן אין טיר האָט זיך וואַנס צוגעוווינט, ווי צום קלאַפּן פונעם וואַנט־זייגער. דאָ, הינטער דער טיר, האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן די אויסגעמאַטערטע וויזיטן־באַשטעלערס, שכנים און קרובים פון קראַנקע מיט באַריכטן וועגן מצב פונעם חולה, און אַנדערע באַזוכער, וואָס זענען געקומען בעטן אַ גומי־פלאַש, אַן אַנטי־טיפוס־איינשפּריצונג. ווי ער וואָלט זיך אַ נדר־געטאָן צו העלפן יעדן איינעם טראָגן זיין ביטערן גורל אינעם געטאָ־לעבן, — האָט ער זיך באַמיט יעדן אַנטקעגנצוקומען זיין בקשה.

זאָל דערמאָנט ווערן כאָטש איינער פון די פיל פאַקטן וואָס זאָגן עדות וועגן זיין איידעלער נשמה און מענטשלעכער גרויסקייט אין יענע טעג:

אין אַ קוף אויף דער ראָגאַוער גאַס האָט געוווינט אין גרויס ענגשאַפט אַ קאַלישער פּליט מיט זיין משפחה. דאָס איז געווען דער געוועזענער בוכ־העגדלער לייב ענגעל. ווען די עפּידעמיע האָט זיך פאַרשפּרייט, האָט די קראַנקייט זיך אויך אַריינגעכאַפּט אין דער קוף, וווּ עס האָט געוווינט די פאַמיליע ענגעל. גוטע שכנים און באַקאַנטע האָבן זיך פאַרנומען מיט די קראַנקע. וואַנס האָט זיי באַהאַנדלט, האָט געזאָרגט וועגן זייער געזונט, ביז ער האָט באַוויזן שטעלן אויף די פיס אַלע מיטגלידער פון דער משפחה, אויסער לייב ענגלען, ביי וועמען די קראַנקייט האָט זיך קאָמפּליצירט.

וואַנס האָט געוווסט, ווער עס זענען די איבערגעגעבענע פרייגט פון דעם שווער־קראַנקן, איז ער איין מאָל, אין אַ פראָסטיקן ווינטער־טאָג, אַריין צו אליהו זאַלצבערג און צו מיר, ציטערנדיק פון קעלט, אין די לייכטע מלבושים. ער האָט אַוועקגעשטעלט זיין קליין וואַליזקעלע, צעריבן די אָנגעפרוירענע אויערן און קוים אַרויסגערעדט:

— אַ שוואַרץ יאָר אויף די דייטשן. ס'איז שוין ווי און ווינד צו זיי, אַז אונזערע יידישע פעלצן דאַרפן זיי וואַרעמען אין אַזעלכע פרעסט. אַלע יאָרן

אָפּגעטראָגן מיין פוטער, ערשט נעם, גיב אים אַוועק. איך קאָן זיי אַוועקגעבן אַלע קרענק פון מיינע פּאַציענטן. דעם פוטער האָב איך גוט אויסבאַהאַלטן; זאָל ער בעסער וואַרעמען די קאַלטע ערד אין קעלער אידער די דייטשן.

אין מיטן די רייד האָט ער אַרויסגעצויגן פון טאַש אַ קליין פּעקעלע און איבערגייענדיק שוין אויף אַן אַנדערער טעמע פאַרגעזעצט:

— דאָס איז — האָט ער געוויזן אויפן פּעקעלע — דער האָנאָראַר פון מיינע וויזיטן ביי דער פאַמיליע ענגעל. באַשטעלט דערפאַר אַ קאָנסיליום פון די דאָקטוירים האַלצער און לעוויטע. דאָס וועט אויך סטייען אויף איינקויפן רפואות פון אויסערן געטאָ.

ווען מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען דאָס געלט, האָט ער מיט אַ באַ־פעלערישן טאָן צו אונז געזאָגט:

— נעמט דאָס געלט! איך ווייס, אַז דאָס איז צוזאַמענגענומען פון גוטע מענטשן. אַזאַ געלט טאָר איך אין געטאָ נישט פאַרנוצן פאַר זיך.

ער האָט שנעל געכאַפּט זיין קליין וואַליזקעלע און זיך אַוועקגעלאָזט ווייטער צו זיינע פּאַציענטן.

אהרן וואַנס' טעטיקייט אין געטאָ אַלס פעלדשער איז געווען אויסגעפילט מיט אַ סך ענלעכע שטילע, אָבער גרויסע און שיינע טאַטן. נאָר ווייניקע האָבן וועגן דעם געוווּסט. ערשט דערנאָך, ווען די עפּידעמיע איז איינגעשטילט געוואָרן, האָבן יידן צווישן זיך גערעדט וועגן פעלדשער וואַנס און זיינע אויפ־טוען פאַר די געטאָ־קראַנקע. איבערהויפּט צווישן די פּליטים האָט מען גערעדט מיט דאַנקבאַרקייט וועגן מוסטערהאַפטן יידישן פעלדשער.

זאָלן לעבנגעבליבענע סאָקאָלאָווער יידן, צעשפּרייטע איבער דער וועלט, געדענקען, — צווישן אַלע געטאָ קדושים —דעם הייליקן נאָמען פון פעלדשער אהרן וואַנס הי"ד.

## אליהו זאַלצבערג און זיין קרייז

אָנהייב קריג איז אַ טייל פון דער סאָקאָלאָווער יוגנט צוזאַמען מיטן אינ־טעליגענטן שיכט אַנטלאָפן אויף דער סאָוויעטישער זייט. פיל פון זיי זענען נאָך אַ קורצער צייט צוריקגעקומען. צווישן זיי איז אויך געווען אליהו זאַלצבערג.

אליהו איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1910 אין סאָקאָלאָוו ביי חסידישע עלטערן. ביז פערצן יאָר האָט ער געלערנט אין חדר, פון דאָרט האָט ער זיך אָנגעהויבן רייסן צו וועלטלעכער בילדונג. ער איז אַריין אין 5טן קלאַס פון דער פוילישער פאָלקס־שול. נאָכן פאַרענדיקן די שול, האָט ער געלערנט אין גימ־נאַזיעס אין שעדלעץ, באַראַנאָוויטש און האָט פאַרענדיקט די מיטעלע בילדונג אין דער רעגירונגס־גימנאַזיע פון דראָגיטשין. זיין שטאַרקער ווילן ווייטער זיך צו לערנען, האָט אים געבראַכט קיין ליעזש (בעלגיע). ער איז געוואָרן אַ סטודענט פון דאָרטיקן פאָליטעכניקום. די מאַטעריעלע שטיצע פון זיינע נישט־פאַרמעגלעכע עלטערן און ברידער האָט אים נישט דערמעגלעכט רואיק צו שטודירן, פלעגט ער אַרבעטן אין די דאָרטיקע קוילן־גרובנס. נאָכן צוריק־קומען קיין פוילן פאַרענדיקן דאָס מיליטער־דינסט, האָט ער פאַרלוירן די מעגלעכקייט צו באַנייען זיינע לימודים אין בעלגיע. פּרובירנדיק אָנקומען אין וואַרשעווער פּאָליטעכניקום, האָט ער אָנגעטראָפן אויפן גוטבאַקאַנטן „נומערוס קלאוזוס״. ער האָט לסוף דערוואָרט אַ וויזע צו פאָרן צו זיין ברודער אין דרום־אַמעריקע. דאָרט האָט ער געהאָפט צו פאַרענדיקן זיין שטודיום. דאָ איז אָבער אויסגעבראָכן די קריג און ער איז געבליבן ביי זיינע עלטערן אין שטעטל.

מיט זאַלצבערגן בין איך געווען אין נאָענטער חברשאַפט פאַר דער גאַנצער צייט אין סאָקאָלאָווער געטאָ. אַ טיף געפיל פון אַכטונג באַוועגט מיך אים צו דערמאָנען צווישן די שטילע העלדן פון געטאָ. מיט זיין נאָמען טויכן אויף פאַר מיר זכרונות פון געמיינזאַמע איבערלעבענישן אין יענער צייט.

אליהו איז געווען פון נידעריקן וווקס. שטענדיק איז ער געווען ערנסט, פאַרטראַכט און אויך זיינע באַוועגונגען — לאַנגזאַמע, סאָלידע. זיין רונדיק,

פאַרבלייכט געזיכט מיט די שאַרף־קוקנדיקע אויגן, איז געווען אין קעגנזאַץ צו זיין אויסערלעכער רואיקייט. ער פלעגט אויך רעדן שנעל, מיט טעמפּעראַמענט ווי ער וואָלט זיך באַמיט יענעם איבערצייגן.

איך האָב זיך באַקענט מיט אים באַלד נאָך מיין קומען קיין סאָקאָלאָוו. איך האָב געוווינט אַנטקעגנאיבער אים אויף דער ראָגאָווסקע־גאַס. איך האָב געהערט, אַז ער געהערט צו די שטילע „וויסערס״ פון שטעטל. זיינע פּאָליטישע קאַמעראַטן זענען אין דער שטיל נאָכדערציילט געוואָרן צווישן נייגעריקע יידן, וואָס האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיטן גאַנג פון קריג.

עס איז געווען אַ טריבער שבת נאָכמיטאָג, האַרבסט 1940. צוזאַמען מיט משה ראָזענבוים בין איך אַריין צו אים אין צימער, אין דער הילצערנער כאַטקע מיטן נידעריקן פענצטער צו דער גאַס אַרויס. אליהו איז פּונקט געזעסן איבער געבעלסעס צייטונג „דאַס רייך״ און געווען פאַרטיפט אין לייענען. משה האָט מיך פאַר אים פאָרגעשטעלט.

— גוט, חברים, וואָס איר זענט אַריינגעקומען. אין דער דאָזיקער צייטונג זינק איך אין אַזוי פיל שמוץ, אַז איך דאַרף פּשוט האָבן עמיצן וואָס זאָל מיך אַרויסציען פון דער פאַרשטינקענער בלאָטע.

אליהו האָט דעמאָלט געהאַלטן אין לייענען געבעלסעס אַן אַרטיקל וועגן יידן־פּראָבלעם.

— איז דען נישט געזונטער אַז מען נעמט נישט אין דער האַנט אַריין אַזאַ צייטונג? — האָב איך געפרעגט.

— ריכטיק! אָבער אַסך מאָל לייענט זיך דאָ צווישן די שורות — האָט אליהו מיר געענטפערט.

איבערמישנדיק די צייטונג, האָט ער אָנגעוויזן אויף אַן אַרטיקל, ווו ס'איז ברייט באַהאַנדלט געוואָרן די לאַגע אויפן מערב־פראָנט. אליהו האָט פון די ציטירטע שטעלן זיך באַמיט אויסצוגעפונען די מיליטערישע שוועריקייטן פון די דייטשע דעמאָלט זיגרייכע אַרמייען. זיין בליק איבער דער קריגס־סיטואַציע האָט מיך שטאַרק פאַראינטערעסירט. זיין דעצידירטע מיינונג, אַז דייטשלאַנד מוז אומבאַדינגט פאַרשפּילן די קריג, האָט מיר אַריינגעגעבן פיל גלויבן.

אין יענער צייט איז נאָך אין סאָקאָלאָוו נישט געווען קיין געטאָ. אָבער דאָס יידישע לעבן איז שוין געלעגן הפקר אין די הענט פון די כל־מיני מאַכט־האָבער. מען האָט כסדר געכאַפּט צו דער אַרבעט און באַצאָלט מיט קלעפּ. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ טיפע דעפּרעסיע. אין דער צייט האָט מען זיך געזאַמלט אַרום יעדן, וואָס האָט נאָר געפונען מוט צו ברעכן די שווערע שטימונג.

אליהו האָט זיך באַלד געלאָזט דערקענען פאַר אַזעלכן. זיינע ווערטלעך און מיינונגען, דורכגעפלאָכטן מיט גוטן הומאָר, פלעגן דערפרישן און דערוועקן האָפענונג.

יענעם שבת נאָך מיטאָג זענען צו אים אַריינגעקומען זיינע נאָענטע פריינד, מיט וועלכע ער פלעגט שוין פון פריער פאַרברענגען אין אינטימע פּאָליטישע

שמועסן. דאָס זענען געווען צוויי פּליטים: דער קאַלישער בוכהענדלער לייב ענגעל און דער העברעאישער לערער און ציוניסטישער טוער פון קאַליש, חיים יהודה אַדלער. דאָס זענען געווען צוויי באַגאַבטע, פּאָליטיש־רייפע מענטשן. יעדער פון זיי האָט מיט זיך געבראַכט באַריכטן פון געלייענטע צייטונגען און געהיימע ראַדיאָ־ידיעות.

אַדלער איז געווען אַ מענטש, נאָענט צו די פּופּציקער, אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַן אָפּגעצויגן בלאָס פּנים. זיינע טיף־איינגעגראָבענע אויגן, מיטן ווייסן קאָפּ האָר, האָבן געגעבן צו דערקענען די יסורים פון זיין ערנסטער מאָגן־קראַנקייט, וואָס האָט אים אַזוי שטאַרק געמאַטערט אין די איצטיקע שווערע לעבנס־באַדינגונגען.

ענגעל, אַ יונגערמאַן אין די דרייסיקער יאָרן, האָט מיט זיין נידעריקן וווקס און דאַרן גוף געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ יינגל. זיין בלאָנדע טשופּרינע און דאָס קורצע נעזל האָבן פאַרטושט זיין יידישן אויסזען. אין זיין געזעלשאַפט האָט מען זיך גוט געפילט. אַלע האָבן אים ליב געהאַט, צוליב זיינע שאַרפזיניקע וויצן און אַנעקדאָטן, מיט וועלכע ער האָט געשפּרודלט אויך אין די שווערסטע סיטואַציעס.

אין דעם זעלבן שבת נאָך מיטאָג האָב איך אויך באַקענט ישראל גרינבערגן (טאָץ), אַ געוועזענער תלמיד פון ד״ר פאַזנאַנסקיס לערער־סעמינאַר אין וואַרשע, אַ חבר פון „השומר הצעיר״, וואָס האָט ליב געהאַט זיך גריבלען אין וועלט־פּראָבלעמען.

אין דעם צימער, ביי אליהו זאַלצבערג האָט מען די וועלט־פּאָליטישע געשעענישן אויסגעטייטשט אויף אַן אייגנאַרטיקן שטייגער. דאָ האָט מען געגלויבט אין נאָענטן נצחון פון דער גערעכטיקייט. עס איז געווען סוף 1940. דער גרעסטער טייל אייראָפּע איז דעמאָלט געלעגן אין היטלערס הענט. די דייטשע חיילות האָבן מיט ריזן־טריט געשפּאַנט פאָרויס אין אַפריקע. מען האָט פאַרגעזען אַ נאָענטע דייטשע אינוואַזיע אויף דער ענגלישער טעריטאָריע. און דאָ, לעבן אונז, הינטער אונזערע פּלייצעס, אויף דער צווייטער זייט בוג, שטייט די מעכטיקע רויטע אַרמיי. וועט זי זיך גלייכגילטיק צוקוקן ווי דער ברוטאַלער פאַשיזם באַהערשט די וועלט?

מיר, די גרופּע אָפּטימיסטן, האָבן מיט נייגעריקייט אויסגעהערט פון זאַלצבערגן זיינע אַרגומענטן:

„די רויטע אַרמיי וועט מוזן אָנגרייפן אין רוקן פון פאַשיזם, ווען די דייטשן וועלן זיך טיפער צעציען אויפן מערב־פראָנט און ממילא בלייבן אָפּגעשוואַכט אין מזרח. אַזוי ווי די געשעענישן אַנטוויקלען זיך שנעל, דורך בליץ־קריג, איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז דער אָנגריף זאָל פאָרקומען נאָך פריער, ווי מיר שטעלן זיך דאָס פאָר. און דאָ זענען מיר דאָך אַזוי נאָענט! איין שפּרייז און די סאָוויעטן זענען ביי אונז״...

אליהו האָט אויפריכטיק געגלויבט אין דעם, וואָס ער האָט געזאָגט. מיט

זיין גלויבן האָט ער דערמוטיקט נישט בלויז זיך אַליין, ער האָט אַלע אין זיין געזעלשאַפט דערהאַלטן ביי דער האָפענונג, און אין דעם האָבן מיר זיך אַלע שטאַרק געגויטיקט אין די שווערע טעג. בלויז איינעם פון אונזער גרופּע, חיים יהודה אַדלער, האָבן אליהוס אַרגומענטן נישט איבערציינגט, זיין פּנים איז געבליבן פאַרזאָרגט.

אַדלער האָט געהערט צו די „שוואַרץ־זעערס”, וואָס האָבן אויף דער לאַגע געקוקט דורך טונקעלע ברילן. ער האָט אַלץ אויסגעטייטשט צום שלעכטן. די דראַמאַטישע געשעענישן פון יענער צייט האָבן געליפערט גענוג באַווייזן פאַר די דאָזיקע מענטשן, וואָס פלעגן אַליין זיין באַהערשט פון אַ פּאַניק און אויף די אַרומיקע אַנוואַרפן אַ מרה שחורה.

אינטערעסאַנט איז געווען צו זיין ביי אַ דיסקוסיע צווישן אליהו זאַלצבערג מיט חיים יהודה אַדלער און הערן זייערע אַרגומענטן. אַדלער, אַ שאַרפזיניקער פּאָלעמיקער, האָט אונז נישט געקאָנט באַאיינפלוסן מיט זיינע אויספירונגען, וואָס זענען געווען לאָגיש, אָבער נישט צו אונזער האַרצן.

אין מיטן ברען פון יענער דיסקוסיע, בעת וועלכער מיר האָבן צוגעהאַלפן אליהון און געפּרוווט ווירקן אויף אַדלערן, אַז ער זאָל זיך אונטערגעבן, האָבן מיר פלוצים דערהערט קולות הינטערן פענצטער. אויף דער גאַס איז געווען אַ געלויף פון מענטשן. מיר האָבן גלייך פאַרשטאַנען אין וואָס עס גייט.

אליהו האָט אַלע באַפוילן צו גיין אויפן בוידעם. ער האָט געזאָלט זיין דער לעצטער און דערנאָך — אַרויפציען אויבן די לייטער. משה ראָזענבוים איז אָבער אַ צעטומלטער פון שרעק, געבליבן דער לעצטער. אַ דייטש, וואָס איז אַריין אין צימער, האָט אים געטראָפן, ווי ער קלעטערט אַרויף אויפן בוידעם. ער האָט משה׳ן ברוטאַל אַראָפּגעשלעפּט פון לייטער.

— זענען נאָך יידן פאַרשטעקט אויבן?

— ניין — ענטפערט משה, אַ שטאַמלדיקער פון שרעק.

די כאַפּערס האָבן נישט געהאַט קיין צוטרוי צו זיין ענטפער און זיי האָבן אַליין אָנגעהויבן צו זוכן אין דער שטוב. פון אונטן טראָגן זיך צו אונז בייזע געשרייען מיט זידל־ווערטער אויף אליהוס עלטערן. פלוצלינג האָט אונז אליהו אָנגעדייט מיטן דיקן פינגער צו בלייבן אויף אונזערע ערטער. אַליין האָט ער אַ כאַפּ געטאָן עפּעס אַ שמוציק רעקל און שנעל האָט ער זיך געלאָזט צום לייטער. מיר האָבן שוין געהערט, ווי אַ דייטש קריכט.

— אַלע אַרונטער!

— איך בין אַליין! דאָס איז מיין רעקל צו דער אַרבעט — האָט אליהו געזאָגט.

דער דייטש איז אַרויף אויפן לייטער, אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין טונקעלן בוידעם, אַרומגעקוקט זיך אין אַלע זייטן, און איז צוריק אַראָפּ מיט ווילדע געשרייען: „מאַרש! מאַרש!” אליהו מיט משהן זענען פאַרשוווּנדן צוזאַמען מיט די געשרייען, וואָס האָבן זיך אַריבערגעטראָגן אין די שכנותדיקע הייזלעך.

אליהוס איינפאַל, וואָס האָט אונז אויסגעלייזט פון די כאַפּערס הענט, האָט אויף אונז געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק.

ווען זיי ביידע זענען בשלום צוריקגעקומען פון דער אַרבעט, נאָכן אָפּלאָדן אויפן וואָקזאַל גרויסע שווערע קלעצער, האָט זיך ענגעל געוויצלט:

— לויט אַדלערס „טעאָריע" וואָלטן מיר אַלע געדאַרפט אַריינפאַלן צו דער אַרבעט. אליהוס „טאַקטיק" האָט כאָטש אַ טייל פון אונז אָפּגעראַטעוועט...

בעת אונזערע צוזאַמענטרעפן אין אליהוס צימער האָבן מיר אָפט זיך אויך פאַרנומען מיט זוכן הילף פאַר דער נויט פון שכנים, אין וועמענס שטיבן עס האָט שטיל געבושעוועט דער הונגער. דאָס זענען געווען אַזעלכע מענטשן, וואָס וואָלטן ליבערשט געשטאָרבן, איידער אָנצוקלאַפּן אין עמיצנס אַ טיר. דורך אינדיווידועלע באַשטייערונגען, וועלכע מיר האָבן צוזאַמענגענומען צווישן אייגענע, האָבן מיר פון צייט צו צייט אַרויסגעהאָלפן די דאָזיקע שכנים אויף אַ בכבודיקן אופן — מיט אַ ברויט, אַ ביסל קאַרטאָפל און אַ שטיקל קויל — פייער צו מאַכן.

איינער פון די דאָזיקע שכנים איז געווען דער פאַראַרעמטער שוסטער יעקב לייב, אַ פאָטער פון קליינע קינדער. יעקב לייב פלעגט פאַר אליהון זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן: „ווער האָט זיך דאָס געקענט פאָרשטעלן, אַז אַ שטיקעלע ברויט, אַ ביסעלע זופּ, וועט ווערן אַ בענקשאַפט, אַ חלום, וואָס וועט נישט לאָזן איינשלאָפן, און מען וועט מוזן אויסהערן דאָס געוויין פון קליינע קינדער נאָך אַ ביסן ברויט, אַ לעפל געקעכץ".

אין אַ פראָסטיקן ווינטער־טאָג, אָנהייב 1942, נאָכן צוריקקומען פון אַ טאָג אַרבעט ביי די דייטשן, האָבן מיר מיטגעבראַכט אין געטאָ אַריין אַ ביסל קוילן. אליהו האָט געבעטן געבן אַ טייל דערפון יעקב לייבן.

די פענצטער אין יעקב לייבס הייזל זענען געווען פאַרצויגן מיט אַ דיקן שיכט פראָסט. הינטער דער טיר האָבן מיר אויך געהערט קלאַפּן מיטן שוסטער־העמערל. די שטיקלעך קוילן האָט אליהו געהאַלטן איינגעוויקלט, ווי עפּעס אַ ווערטפולן חפץ. מיר זענען ביידע אַריין, אַנטקעגנטראָגנדיק אים די מתנה. פלוצלינג זענען מיר שטיין געבליבן פאַרשטיינערטע פון דעם, וואָס מיר האָבן דערזען אין שטוב: אין אַ ווינקל אויף דער ערד האָבן געברענט צוויי ליכטלעך לעבן אַ צעשפּרייטן ווייסן ליילעך, וואָס איז געווען איבערגעדעקט איבער אַ טויט קינד. יעקב לייבס ווייב איז געזעסן אָן איינגעבראָכענע, געוויגט איר קאָפּ, מיטן פּנים צום ווינקל, אַנטקעגן די צוויי לייכטער אויף דער ערד. פון די בעטן האָבן אַרויסגעקוקט געקרייזלטע קעפּלעך מיט האַלב־פאַרדעקטע און פון קעלט בלויע פּנימלעך. יעקב לייב האָט דערזעענדיק אונז, אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט דאָס שוסטער־העמערל און איז אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערלעך געוויין:

— דער ערשטער קרבן פון מיין אויסגעהונגערטער משפּחה. אויף דער

אַנדערער זייט דראָטן, וואַרט אַ גוי מיט אַ ביסל שפּייז פאַרן צורעכט מאַכן די שיך. מעג איך דאָס טאָן, ווען הינטער מיינע פּלייצעס ליגט דאָס טויטע קינד?

פאַרשטומטע, מיט אַ פאַרלוירן לשון, האָבן מיר פאַרלאָזט יעקב לייבס שטוב.

ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן אין געטאָ, זענען מיר געזעסן אין שאָטנדיקע ווינקלען פון אליהוס צימער, זייענדיק אונטערן דערשיטערנדיקן איינדרוק פון יעקב לייבס ווערטער, וואָס האָבן אַרויסגערופן אַ ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיע צווישן אונז.

אַדלער האָט אָנגענומען יעקב לייבס קלאָפּן מיטן שוסטער־העמערל אין דעם טאָג — פאַר אַ חילול המת. אליהו האָט דאַקעגן פאַרטיידיקט יעקב לייבן.

אין פאַרשידענע צייטן אין געטאָ, בעת מיר האָבן צוזאַמען איבערגעלעבט מאָמענטן פון אויסערגעוויינלעכער נערוועאישער שפּאַנונג, שרעק, פיזישע און מאָראַלישע יסורים, פלעגט זיך אליהו שנעל באַהערשן און איינהאַלטן זיין גלייכגעוויכט. ער האָט סוגעסטיוו באַווירקט אויך די מענטשן פון זיין קרייז.

עס דערמאָנט זיך מיר אַ פאַל, וואָס האָט זיך פאַרלאָפן פאַר אונזערע אויגן האַרבסט 1941, ערב איינפירן דאָס געטאָ. אַ העל־זוניקער פרימאָרגן. אַ מאַרק־טאָג אין שטעטל. פויערישע וועגענער האָבן זיך מיט רעש געצויגן פון די דאָרפישע וועגן צום גרויסן מאַרק. יידן מיט גוים אויסגעמישט דינגען זיך ביים קויפן און פאַרקויפן, ווי אין די אַמאָליקע צייטן. קיינער האָט זיך דעמאָלט נישט פאַרגעשטעלט, אַז דער דאָנערשטיק איז שוין דער לעצטער טאָג פון אָפענעם האַנדל צווישן גוים און יידן אויפן גרויסן מאַרק.

איך האָב שפּאַצירט מיט אליהון לענגאויס דער פּיענקנע־גאַס. אין מיטן שמועסן האָבן מיר זיך דערמאָנט אין דער אָנגעצייכנטער גרענעץ־ליניע אויפן פעלד, נאָענט פון די יידישע הייזלעך, וווהין יידן האָבן זיך שוין נישט געטאָרט דערנענטערן. מיר זענען שטיין־געבליבן, מיט די אויגן אויסגעמאָסטן דעם שטח, צו זען, ווי ווייט מיר געפינען זיך פון דער נאָך נישט אָנזעעוודיקער געטאָ־גרענעץ.

דער גלעזער לייבל סטאָלאָוויטש איז אייליק פאַרבייגעגאַנגען און האָט מיט איין טראָט אַריבערגעטראָטן די אָנגעצייכנטע געטאָ־גרענעץ. עס זענען אים אַנטקעגנגעקומען צוויי דייטשע סאָלדאַטן. זיי האָבן אים פאַרשטעלט דעם וועג. פון דערווייטנס האָט אויסגעזען, ווי די דייטשן מאַכן סטאָלאָוויטשן „העפלעך" אויפמערקזאַם, אַז ער איז אַריבער די געטאָ־גרענעץ. נאָר באַלד האָבן מיר דערזען, אַז ער בעט זיך ביי די דייטשן און ווייזט זיי אַ באַנקנאָט, אַלס אויס־קויף־געלט. באַלד האָט זיך דערהערט אַ שאָס, געצילט אין סטאָלאָוויטשעס פּנים און די דייטשן זענען רואיק אַוועק.

ווען מיר זענען צוגעלאָפן צו דעם אָרט, איז שוין סטאָלאָוויטש געלעגן אַ טויטער. אין זיין מויל איז געווען אַריינגעשטעקט אַ באַנקנאָט פון אַ פופציקער זלאָטע.

אין געטאָ האָט מען זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו די, וואָס האָבן גע־וואָרנט, נישט הפקר צו מאַכן דאָס יידישע לעבן צוליב אומפאַרזיכטיקייט און ווערן אַ ציל־ברעט פאַר די דייטשן, וואָס האָבן געלויערט הינטער די ווענט פון גויאישקע הייזלעך מיט אָנגעלאָדענע ביקסן.

נאָכן דערמאָרדן סטאָלאָוויטשן, וואָס איז געווען דער ערשטער געטאָ־קרבן, האָבן מיר מיט אליהון צוזאַמען איינגעלערנט די שיטה פון גוט זיך מאַסקירן ביים אַרויסגיין פון געטאָ — אין אַ נויט־פאַל. אליהו האָט דערביי אַרויסגעוויזן באַזונדערע פעאיקייטן און האָט אפילו געהאַט קאָמישע איינפאַלן אין דער טראַגישער צייט.

אָט בין איך צוזאַמען מיט אליהון אויף דער אַרישער זייט. מיר האָבן נישט ביי זיך קיין „שיין", אַ דערלויבעניש צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ.

מיר גייען ביידע, נאָך אַ פּאָר שעה צוואַנג־אַרבעט איבער די פּוילישע גאַסן, מיט אַ פולן זאַק שפּענער און קאָרע. ביים אָניאָגן מיטן שווערן זאַק די יידישע אַרבעטס־קאָלאָנע, וואָס האָט זיך דערווייטערט פון אונז, האָט מיר אַ פּוילישער גאַסן-יונג אונטערגעשטעלט אַ פוס און איך בין געפאַלן מיטן פּנים אויפן שטיינערנעם ברוק. אליהו, וואָס האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן די חרפה, האָט מיט שאַרפע ווערטער אָנגעזידלט דעם כוליגאַן. יענער האָט זיך גלייך געוואָרפן שלאָגן אליהון. אין דעם מאָמענט איז, ווי פון אונטער דער ערד, אויסגעוואַקסן אַ דייטשער זעלנער. ווי אַ צערייצטער הונט איז ער אַרויפגעפאַלן אויפן פּוילישן כוליגאַן. יענער האָט זיך געוואָלגערט אונטער די זעלנערישע שטיוול. מיר, די צוויי יידן צווישן אָנגעלאָפענע נייגעריקע גויים, זענען צעטומלט געוואָרן, נישט פאַרשטייענדיק, וואָס דאָ איז געשען.

— זאָג מאָל, דעם שווייַנען פּאָלע! יודן שלאָגן האָבן נאָר וויר דויטשן דאָס רעכט!.. — האָט דער זעלנער אַ פאַרסאָפּעטער געשריגן צו אליהו'ן און געוויזן אַ שטייפן פינגער דעם צעשלאָגענעם פּאָליאַק, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין איין פאַרטיידיקן:

דאָס, יודן!.. דאָס, יודן!..

אליהו, וואָס האָט זיך מאָמענטאַל אָריענטירט אין דער כוונה פונעם דייטש, האָט דעם פּאָליאַק אויפגעקלערט:

דער סאָלדאַט זאָגט, אַז דו זאָלסט מער קיין יידן נישט שלאָגן! אַ צווייט מאָל וועט ער דיך גלייך אויפן אָרט דערשיסן!

— אין אַנדערע שטעט שלאָגט מען אייך יידן אויף טויט. נאָר דאָ, אין סאָקאָלאָוו, האָט איר איבערגעקויפטע דייטשן.

— וואָס שנאוצט ער? — האָט דער דייטש געפרעגט מיט פאַרקריצטע ציין.

אליהו האָט איבערגעזעצט אויף דייטש:

— דער זאָגט, אַז נאָר פּאָליאַקן האָבן דאָס רעכט צו שלאָגן יידן און נישט איר דייטשן.

אַ צעצונדענער, פול מיט רציחה, האָט דער דייטש אַריינגעכאַפּט דעם פּאָליאַק אין זיינע לאַפּעס, שרייענדיק אין זיין פּאַרצוף אַריין:

— דרעקישער פּאָלע! האָסט קיין פּאָלען מער!!

ווען דער היטלער־יונג האָט געטרייסלט און געריסן פאַרן קאָפּ דעם פּוילישן כוליגאַן, האָב איך געכאַפּט דעם זאַק אויף די פּלייצעס און אליהו נאָך מיר. אַזוי זענען מיר צוריק אַריין אין געטאָ.

אַ צייט לאַנג האָט אליהו דעם דאָזיקן פאַל גענומען אַלס ביישפּיל אין זיינע רייד פאַר די מענטשן פון זיין קרייז: נישט פאַרלירן זיך! איינהאַלטן דעם מוט אין יעדער סיטואַציע.

די דאָזיקע שורות זענען נישט סתם געווידמעט אליהו זאַלצבערגן הי״ד. זיי קומען פון די טיפענישן פון מיין נשמה, בעתן דערמאָנען זיך אין זיין מאַרטירער־טויט. נישט איין מאָל האָב איך אין מיינע נאַכט־קאָשמאַרן געזען און געהערט אים אין זיינע יללות, אין די גסיסה־קרעכצן. נישט איין מאָל האָב איך אין מיין וואַנדער־וועג, דערפילנדיק אַ סכנה, זיך דערמאָנט אין זיינע ווערטער: „נישט פאַרלירן זיך״.

## ישראל בראַם — דער אָפּטימיסט

ישראל בראַם איז געווען אַ ייד איבער די פערציקער, אַ הויך־אויסגעוואַקסענער, מיט אַ פּאָר לאַנגע הענט און פיס, אַ קורץ באַוואַקסן פּנים, מיט לויזע ברילן איבער דער נאָז. מ׳האָט אים תמיד אַרויסגעזען פון צווישן די גאַסן־דורכגייער — ווי ער וואָלט וועלן אַריבערקוקן איבער זיי. פון שטענדיק אָן אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס, האָט ער זיך געראַנגלט פאַרן ביסל חיונה פאַר זיין גרויסער משפּחה. אין זיין סטראַגאַן־געוועלבל, אָנגעשטעלט מיט פעסלעך קאַלך, האָבן פון די פּאָליצעס אַראָפּגעהאָנגען מוסטערן פון געבלימט טאַפּעטן־פּאַפּיר, קאָלירטע צעראַטקעס, אַ ביסל שרייבגעצייג. אַ באַזונדער ווינקל האָט דאָ פאַרנומען זיין „קולטור־סחורה״. ער איז געווען אַ צייטונגס־פאַרקויפער. אויסער דער פּוילישער און יידישער טאָג־פּרעסע און אילוסטרירטע זשורנאַלן, איז ביי אים געלעגן אָן אויסוואַל פון ביכלעך פון דער „גראָשן־ביבליאָטעק״, און די נייעסטע העפטן מיט פאַרזעצונגען פון די שונד־אויסגאַבעס „סאַבינע״ און „רעגינע״.

ישראל האָט נישט געקאָנט אַליין זיך אַן עצה געבן מיט זיינע „געשעפטן״, פלעגט אים זיין ווייב, יוסף־מענדלס טאָכטער, צוהילף־קומען אין דער פּרנסה. בעת איר פירן מסחר האָבן זיך אויף אירע הענט און ביים קלייד געפּלאָנטערט די קינדערלעך. ישראל בראַם פלעגט צוזאַמענגעמען אין אַן איינגעלייגטן טאָוול אַ באַרג צייטונגען און טראָגן זיי צוזאַמענגעפּרעסט פון פאַרנט, ביים ברוסט־קאַסטן; זיינע ברייטע, טיפע קעשענעס פלעגט ער אָנשטאָפּן מיט ביכלעך פון דער „גראָשן־ביבליאָטעק״ און אַזוי איז ער אַרומגעגאַנגען איבערן שטעטל,

כדי זיי צו פֿאַרקויפֿן און זיך פֿאַרשאַפֿן פּרנסה. ער האָט דערביי אַריינגעקוקט, פֿון איבער זיינע ברילן, יעדן איינעם אין די אויגן, זוכנדיק אַ פּנים צווישן די דורכגייער אין גאַס זיינע שטענדיקע אָפּנעמער פֿון זיין „קולטור־סחורה".

דער פֿלעגמאַטיש־מעלאַנכאָלישער ישׂראל האָט פֿיינט געהאַט דעם האַנדלס־אימפּעט פֿון זיינע קאָנקורענטן; ער האָט נישט געקאָנט זיין פֿאַרקויפֿט, פֿאַרגראַטשקעוועט, ווי עס זענען געווען אַנדערע צייטונגס־פֿאַרקויפֿער. נישט איין מאָל האָט ער נאָכגעקוקט מיט קנאה זיין קאָנקורענט, שמואל דעם „טויטן", וואָס איז געווען דער פֿולשטענדיקער היפּוך פֿון אים: אַ נידעריק יידל מיט אַ צעוואָקסענער שוואַרצער באָרד, אַ פּאָר פֿינקלדיקע אייגעלעך, אַ באַסאָווע קלינגנדיקע שטימע. אַ צעהיצטער און שרייענדיקער איז יענער אַרומגעלאָפֿן מיט זיינע צייטונגען. ווער האָט נישט געקאָנט שמואל דעם טויטן? מיט יעדן איינעם פֿון שטעטל איז ער געווען אויסגעקאָכט. אפֿילו יידן פֿון אַרומיקע שטעטלעך האָבן שוין געוווסט, ווי אַזוי „דער טויטער" רעקלאַמירט זיין סחורה. האָט ער עמיצן אונטערגעכאַפּט אויפֿן גאַס, האָט ער אים שוין נישט אַרויסגעלאָזט פֿון זיינע הענט. „קויף אַ בלאַט! קוק אַריין, זע, וואָס ס'טוט זיך אויף דער וועלט"! — פֿלעגט ער אין יענעם אַריינשרייען. און ווער האָט דאָס געוואָלט איינרייסן מיטן „טויטן"? האָט ער שטענדיק זיינס אויסגעפֿירט.

ישׂראל האָט אָבער נישט געקאָנט נאָכמאַכן די אַלע שטיק. ווי אַזוי לויפֿט מען אָנמאַכנדיק אַרום זיך אַזאַ רעש, אַז די פֿיס שטעלן זיך נישט?

— נו, שטעל שוין אַ טריט, צי־אויס אַ האַנט! — פֿלעגט אים זיין ווייב אונטעריאָגן אין אַ מאַרק־טאָג. אָבער ישׂראל פֿלעגט איר דאַן אָפּענטפֿערן מיט אַ שטאַרן בליק איבער זיינע ברילן אַריבער און פֿלעגט ווייטער לאַנגזאַם זיך לאָזן איבער דער שטאָט.

ווען עס איז אַנטשטאַנען דאָס געטאָ אין סאָקאָלאָוו, האָט ישׂראל בראַם, ווי אַלע אַנדערע סוחרים, פֿאַרלוירן זיין קראָם. די סטראַגאַנעס זענען געבליבן אויף דער אַרישער זייט. ער האָט אַריבערגענומען זיין ביסל פֿאַרמעגן אין שטוב אַריין, אין דעם טייל געטאָ פֿון דער שול־זייט. דאָרט האָט ער אומלעגאַל אויס־פֿאַרקויפֿט זיין סחורה און שנעל אויפֿגעגעסן זיין „פֿאַרמעגן".

צווישן אַלע אַנטי־יידישע פֿאַראָרדענונגען אין געטאָ, איז אויך געווען אַ שטרענגער פֿאַרבאָט פֿאַר יידן צו לייענען פּוילישע, אָדער דייטשע צייטונגען. דער דאָזיקער פֿאַרבאָט האָט נאָך מער געדאַרפֿט איזאָלירן די פֿאַרצוימטע יידן און זיי אָפּרייסן פֿון דער אויסערלעכער וועלט, כדי פּסיכיש זיי צו פֿאַרטעמפּן און דערשלאָגן. „יידן טאָרן זיך נישט אינטערעסירן מיטן גאַנג פֿון קריג! צו די יידן טאָר נישט דערגיין קיין וואָרט פֿון אויסער די געטאָ־גרענעצן!" — אַזוי האָט געלויטעט די פֿאַראָרדענונג. פֿאַר אַ גרויסן טייל פֿון די געטאָ־איינוווינער איז דאָס כמעט געווען דאָס זעלבע, ווי צונעמען דאָס ביסל שפּייז. ישׂראל בראַם האָט אויף זיך גענומען די אויפֿגאַבע צו שטילן דעם דאָרשט נאָך אַ ידיעה פֿון דער אויסערלעכער וועלט.

ער פלעגט געהיים אַריינברענגען אַ באַגרענעצטע צאָל צייטונגען און זשור־נאַלן, ער האָט זיי באַקומען פון די פוילישע צייטונגס־הענדלער, וועלכע האָבן, פאַרשטייט זיך, גענומען אַ פּילפּאַכיק טייערערן פּרייז.

ישראל בראַם, דער אומלעגאַלער צייטונגס־הענדלער, האָט זיך קונה שם געווען אין סאַקאָלאָווער געטאָ מיט זיין פאַרשפּרייטן די פאַרבאָטענע טאָג־פּרעסע און די פאַרשידענע נייעסן, וואָס זענען געקומען פון דער „אַנדערער זייט". ער האָט געבערענגט „גוטע ווערטלעך", וואָס האָבן נישט איין מאָל אָנגעפילט די דערשלאָגענע הערצער מיט האָפענונג אויף אַ בעסערן מאָרגן.

אויף דער שול־גאַס, ביים געטאָ־שלאַבאַן, פלעגט ער אָפּוואַרטן דאָס פּוי־לישע יינגל, וואָס פלעגט אים אַריינגעבן דעם שמוגל — פינף אָדער צען צייטונגס־עקזעמפּלאַרן. ישראל האָט אייניקע פון זיי איבערגעלאָזט ביי זיך אין דער היים. עס זענען צו אים אַריינגעקומען צענדליקער יידישע יונגעלייט, לויט אַ באַשטעלטער ריי, איבערצולייענען די צייטונגען. פון אָנהויב האָט איבער־קוקן אַ צייטונג געקאָסט עטלעכע גראַשן, דערנאָך האָט זיך דער פּרייז געהויבן צענפאַכיק. מיט זיין „לעזע־זאַל" האָט אָנגעפירט דאָס ווייב. זי פלעגט מוזן געדענקען אויפן־קאָפּ אַלע בעלי־חובות, פאַרטיילן לויט דער ריי די צייטונג, און צו דעם נאָך אַלע מאָל אַרויסשטעקן דעם קאָפּ אין דרויסן, זעען צי מען כאַפּט נישט אויף אַרבעט. ווען זי פלעגט צוריקקומען פון געדרייטן קאָרידאָר מיט שנעלע טריט און אַ פאַרהאַקטן אָטעם, האָבן זיך אַלע לייענער מאָמענטאַל אָפּגעטראָגן. אין באַהעלטעניש אויפן גרויסן בוידעם, האָט מען ביים ליכט פון אַ שפּאַלט צווישן די ברעטער פאַרענדיקט לייענען די צייטונג.

מיט דעם רעשט עקזעמפּלאַרן אין טאַש האָט ישראל אַרומגעשפּרייזט איבערן געטאָ צו זיינע שטענדיקע לעזערס. ער האָט ביי זיי איבערגעלאָזט אויף אַן אָפּגערעדטער צייט די צייטונג,דערנאָך האָט ער זי אַוועקגעטראָגן צו אַ צווייטן, אַ דריטן, לויט אַ באַשטימטן סדר. געווען טעג, ווען דאָס פּוילישע יינגל האָט פאַרנאַכלעסיקט זיין „שמוגל"־האַנדל און געלאָזט ישראלן אומזיסט וואַרטן ביי די דראָטן. אין אַזעלכע טעג פלעגט ער צוריק קומען מיט ליידיקע הענט, אָבער מיט אַ פול מויל „גוטע נייעסן", וואָס זענען אין־געהיים נאָכדער־ציילט געוואָרן.

ישראל איז געווען אַ קנאַפּער קענער פון דער פּוילישער שפּראַך. ער האָט אויך נישט פאַרשטאַנען זיך אויסצוטייטשן די ידיעות אַנדערש, ווי די דייטשן האָבן געהייסן שרייבן. פלעגט ער צוערשט אַריין צו אליהו זאַלצבערג, וועמען ער האָט געהאַלטן פאַר אַ ספק פון פאַרשטיין „אַנדערש" די אָפיציעלע קריגס־קאָמוניקאַטן. אליהו האָט פאַר אים פאַרגעלייענט די צייטונג און געגעבן אים צו פאַרשטיין יעדעס וואָרט אויף מאַמע־לשון.

באַלאָדן מיט די דאָזיקע אויפקלערונגען, פלעגט ער אַרויס צו זיינע לייענער, אונטערטראָגן זיי די סענסאַציאָנעל־אויסגעטייטשטע נייעסן. ער האָט זיי אָבער דערביי אַלע מאָל אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף דער פאַרקערטער זייט פון

ציטונג, נישט קענענדיק אָנטרעפן אויף דעם ריכטיקן אָרט צווישן די שורות, ווו דאָס „אַנדערש געלייענטע" האָט זיך געזאָלט געפונען.

דערפאַר איז אָבער ישראל בראָם, ביים שמועסן „אויף־אויסנווייניק", געווען פון די היציקסטע פּאָליטיקער אין געטאָ. ער האָט געפּיבערט בעתן רעדן וועגן דער קריגס־לאַגע, וועגן די באַוועגונגען אויף די פראָנטן. עס איז גאָרנישט געווען מקנא צו זיין יענעם, וואָס האָט דווקא געוואָלט איבערשפּאָרן ישראלן און אים זאָגן, אַז ער איז צופיל אָפּטימיסט. טאָמער האָט אים ווער געזאָגט: „עס איז נאָך ווייט צו „זיין" מפּלה; ווער ווייס וויפל מאָל מיר וועלן נאָך דאַרפן ווינטערן מיט „אים" אין געטאָ" — איז ישראל געוואָרן אַן אויפגעקאָכטער. ער פלעגט שיטן מיט טענות און „באַווייזן" אַז לענגער קאָן „ער" זיך נישט האַלטן ביי אַזעלכע מוראדיקע פרעסט. דער „גענעראַל ווינטער" וועט „אים" פאַריאָגן פון די רוסישע סטעפּעס. „גייט, זעט, — פלעגט ער זאָגן — וואָס עס טוט זיך אין סאָקאָלאָווער מיליטערישן שפּיטאָל, ער איז פול מיט פאַרווונדעטע סאָלדאַטן, מיט אָפּגעפרוירענע הענט און פיס. גאָט זאָל נאָר געבן, אַז די סיבירער פרעסט זאָלן זיך פאַרציען וואָס לענגער. דעמאָלט וועלן זיי אַלע פאַרפרוירן ווערן אויף דער רוסישער ערד, מיט זייערע כלי זין".

כמעט אַלע יידן האָבן מיט אַן אויסערגעוויינלעכן נייגער נאָכגעפאָלגט דעם גאַנג פון קריג. יעדן טאָג האָט מען געהאָפט אויף עפּעס אַ פראָנט־געשעעניש, וואָס זאָל דערלייכטערן, מונטערן דאָס דערשלאָגענע געמיט. געווען פיל אַזעלכע פריידיקע טעג, וואָס האָבן געבראַכט פאַרשידענע סענסאַציעס פון דער אויס־לענדישער געהיימער פּראָפּאַגאַנדע. אין אַזעלכע טעג האָט מען פאַרגעסן אין הונגער. אַזאַ אויפגעלעבטע שטימונג פלעגט אויפהאַלטן אייניקע טעג, אַמ־מערסטן אין דער צייט, ווען אין געטאָ איז נישט אָריינגעקומען קיין שום געדרוקט וואָרט פון דער אויסערלעכער וועלט. די פרייד האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז ישראל בראָם האָט זיך ווידער באַוויזן מיט די בלעטער אין טאַש, פול מיט ידיעות וועגן היטלערס נצחונות. די געפאַלענע שטימונג האָט ער אָבער גלייך דערהויבן מיט אַ געהיים צייטונגל, וואָס ער האָט זיך פון ערגעץ פאַר־שאַפט און געגעבן עס זיינע פאַרטרוילעכע לייענער.

אין אַזאַ געהיים בלעטל האָט מען געקענט לייענען באַריכטן פון דער פּוילישער עמיגראַציע־רעגירונג אין לאָנדאָן, וועגן דער אַרמיי פון גענעראַל שיקאָרסקי, וואָס שטייט גרייט און וועט צוריק באַפרייען פּוילן פון דער לופטן. אין בלעטל איז אפילו געווען אָנגעגעבן געננוי די ווונדערלעכע קריגס־אויס־שטאַטונג פון אַזאַ סאָלדאַט. ס'האָט געשאַפן דעם גלויבן, ווי שטאָלענע מלאכים וואָלטן געדאַרפט קומען צופליען פון די ענגלישע הימלען און באַפרייען פּוילן פון די דייטשע טיראַנען. די באַפעלקערונג איז גערופן געוואָרן צו זיין דיס־ציפּלינירט. ספּעציעלע אָנווייזונגען האָבן אָנגעווונקען די דאַטע פונעם „באַ־שטימטן טאָג", וואָס איז שוין נישט ווייט. די נאָכדערציילערס האָבן זיך אַליין געדאַרפט אָנשטויסן, ווען עס וועט זיין ד ע ר טאָג. ישראל בראָם האָט דווקא

געוואַלט, אַז דער טאָג זאָל אויספאַלן פסח־צייט, 1942. שווער געווען אים אָפּצולייקענען. אין בלעטל איז געווען געדרוקט „שוואַרץ־אויף־ווייס", אַז דער טאָג איז נאָענט, האָט בראַם אויסגערעכנט אויף די יום־טוב־טעג פון אונזער היסטאָרישער באַפרייאונג. אין אַזעלכע טעג איז ישראל געווען רירעוודיקער און באַוועגלעכער. זיין בלאַס, אומעטיק פּנים איז אויפגעלעבט און צעשטראַלט געוואָרן. פון דער ווייטנס פלעגט מען אויף אים שוין דערקענען, אַז עס זענען דאָ „גוטע נייעס". יידן פלעגן אים גלייך אַרומרינגלען און אומגעדולדיקע געשלונגען זיינע ווערטער.

מיט זיין אויפגעלעבטער שטימונג האָט בראַם באַוויזן אָנצושטעקן דעם גרעסטן טייל יידן אינעם געטאָ, אפילו אַזעלכע, וואָס האָבן זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי צו זיינע סענסאַציעס. די יידן, איזאָלירטע, אָפּגעשניטענע פון דער דרויסנדיקער וועלט, האָבן אויפגעכאַפּט די דינסטע קלאַנגען, יעדעס וואָרט, וואָס האָט נאָר פאַרמאָגט די מינדעסטע האָפענונג אויף דער שעה פון באַפרייאונג.

בראַם האָט אַמגערנסטן פאַרשפּרייט זיינע נייעסן ביים דאַווענען אין די „שטיבלעך". דאָרט האָט מען אים אויסגעהערט מיט אָפענע מיילער. צווישן מנחה און מעריב, פלעגן יידן אין געטאָ זיך פאַרטיפן אין דער וועלט־לאַגע. ווי סטראַטעגן אַרום אַ קריגס־מאַפּע זענען די געטאָ־יידן געזעסן אַרום טיש און אויסגערעכנט אַלע מעגלעכקייטן ווי אַזוי צו באַגראָבן היטלערן און זיין מעכטיקע אַרמיי.

ווען ס'איז אָנגעקומען די טיפוס־מגפה, ווינטער 1942, האָבן זיך טאָג־טעגלעך געמערט קדיש־זאָגערס, וואָס האָבן אויסגעפילט אַלע שטיבלעך.

בראַמען האָט די טיפוס־מגפה צוגענומען אייניקע מענטשן פון זיין נאָענט־סטער משפחה און אויך ער איז געוואָרן אַ קדיש־זאָגער. אין וועלכן ווינקל פונעם געטאָ ער האָט זיך געפונען מנחה־צייט, דאָרט האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ שטיבל דאַווענען בציבור און זאָגן קדיש. צווישן די דאַווענער פלעגט ער אָפט זיך צוזאַמענטרעפן מיט יוסף פּימסנבוים.

יוסף פּימסנבוים, אַ ייד שוין אין די זעכציקער, מיט טיפע קנייטשן אין פּנים און מיט אַ ווייס שפּיציק בערדל, האָט גערעדט מיט אַ הייזעריקער שטים. פון זיין פאַר־מלחמהדיק פאַרמעגן — ער איז געווען אַ שפּייז־קרעמער — זענען אים געבליבן אַ פּאָר פעסלעך מיט זויערע אוגערקעס. זיין קראַנק ווייב איז שטענדיק געלעגן צו בעט.

פּימסנבוימען האָט מען אויך געקאַנט אין געטאָ, ווי איינעם פון די „אָפּטימיסטן". אַלץ, וואָס ער האָט זיך דערוווסט פון די געהיימע נייעסן, האָט ער ליב געהאַט איבערצוגעבן די יידן אין געטאָ. ער האָט שטענדיק אָפּגעקליבן דאָס גוטע פונעם שלעכטן און פאַרגעזאָגט אַ שנעלע מפּלה די דייטשן.

ווען יוסף פּימסנבוים מיט ישראל בראַם האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן ביי איין מנין, האָט דער עולם קוים באַוויזן זיך צו דערמאָנען, אַז עס דערנענטערן

זיך די פאַרבאָטענע שעה׳ן פון גאַסן־פאַרקער און מען וועט שוין באַלד נישט טאָרן אַהיימגיין. יוסף איז געווען אַ הייסער אָנהענגער פון אַמעריקאַנער פּרע־זידענט רוזוועלט. ישראל בראַם — אַ פאַרברענטער חסיד פון טשערטשילס סטראַטעגיע.

— רוזוועלט זאָל לעבן — פּלעגט פּימסנבוים אָנהויבן — ווייסט, וואָס ער טוט. ער איז דער קליגסטער מענטש אויף דער וועלט. זיין פאָלק, וואָס האָט געגעבן רייכטום און לוקסוס, האָט ער באַוויזן איבערצוצייגן, אַז עס מוז אַריין אין קריג, צעקלאַפּן דייטשלאַנד, כדי אונז צו ראַטעווען. און אַז אַמעריטשקע וועט אָנהויבן מיט אירע כלי־משחית, וועט די וועלט אויפגעציטערט ווערן! טויזנטער עראָפּלאַנען ווערן דאָרט אויסגעאַרבעט אַ טאָג, צענדליקער טויזנטער ווערן שוין געשיקט קיין אייראָפּע. אין גיכן וועט ביי אונז די זון פאַרשטעלט ווערן פון די אַמעריקאַנער שטאָלענע פייגל. גאַנצע לופט־אַרמייען וועלן זיך אַראָפּלאָזן אין די פונעם דייטש אָקופּירטע לענדער, און, אַחוץ דעם, פאַרגעסט נישט די פינף מיליאָנען אַמעריקאַנער יידן, וואָס רוען נישט וועגן אונזער גורל! נישט אומזיסט קריצט היטלער ימח שמו אויף זיי מיט די ציין.

— ר׳ יאָסל, זייט נישט אַזוי שטאַרק איינגעגלויבט אין אייערע אַמעריקאַנער — האָט ישראל אים איבערגעהאַקט. — די אַמעריקאַנער קומען שטענדיק ווען ס׳האלט שוין ביים סוף און דערנאָך ווילן זיי דעם גרעסטן חלק. איר געדענקט, ווי עס איז געווען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה? ס׳איז אַ גרויסער אונטער־שיד פון רעדן ביז קעמפן. זעט איר, טשערטשיל גאָר האָט אָנגעזאָגט, אַז יעדן טאָג און נאַכט וועלן פינף און צוואַנציק טויזנט עראָפּלאַנען באָמבאַרדירן היטלערס לאַנד. אַ גוטע בראָך וועט זיין צו „אים". ער וועט שוין פאַרגעסן אין אונז, און צו דעם גרייט זיך דער צווייטער פראָנט. דאָס איז נאָך אַ קלין אין היטלערס קאָפּ! אָן טשערטשילן וואָלטן מיר, חלילה, אַלע געווען פאַרלוירן. און רעדט אייך נישט איין, אַז די גאַנצע וועלט איז אַמעריקע. ענגלאַנד איז אַביסל נענטער צו אונז.

— איר זענט אַלע פלאַטקעס־שמועסער! — האָט מיט אַ פעסטער שטים אויסגערופן דער אַלטער בוכאַווסקי — איר רעדט און רעדט און דעררעדט זיך נישט צו דער זאַך. וואָס טויגן אונז ענגלאַנד מיט אַמעריקע צוזאַמען, אַז זיי זענען נאָך אַזוי ווייט פון אונז, דאָרט, וו דער טייוול האָט קיין עק נישט. „מ׳זאָגט", „מ׳שמועסט", „מ׳רעדט" — דאָס זענען אַלץ פלוידערייען. ביז זיי דאָרט וועלן אַהערקומען, קאָן, חלילה, פון סאָקאָלאָווער געטאָ ווערן אַ בית־עולם. קוקט בעסער מיט די אויגן אויף „דאָרט"! — און בוכאַווסקי האָט מיטן פינגער אָנגעוויזן אויף מזרח — רוסלאַנד. זיי זענען לעבן אונז, אויב עס וועט נישט קומען פון דאָרט קיין הילף, איז גאָט וויס, וואָס מיט אַלע יידן קאָן ווערן. איר ווייסט, וואָס פאַראַ איבערקערעניש ס׳איז ערשט אויפן רוסישן פראָנט? די דייטשן ווערן פון די רוסישע פרעסט צוגעקלעפּט צו דער ערד, די קאָזאַקן פאַלן אויף זיי אָן, ווי טייוולאָנים; מ׳האָט די דייטשן ספּעציעל אַריינגענאַרט

וואָס־טיפער, אַצינד גליווערן זיי איין פון די סיבירער פרעסט. דער ווינטער איז שטענדיק געווען אַ גוטער כלי־זין פאַר די רוסן. ווי האָט ער דאָרט גע־הייסן ?.. מ... יאָ! נאַפּאָלעאָן! ער האָט אויך איינגענומען אַ שוואַרצן סוף אין רוסלאַנד אין ווינטער. די דייטשן זענען גוטע לויפערס. דאָס זעלבע קאָנען זיי מאַכן „השיבנו נאַזאַד״ — נאָר הלוואי אָן די היטלען, זיי זאָלן צו אונז קיין צייט נישט האָבן...

ישראל בראַם האָט אויפגעריסן דעם קאָפּ פון אויפגעשטעלטן קאָלנער אַרויס און האַסטיק זיך אויסגעדרייט אין דער זייט, ווו בוכאַוסקי איז געזעסן.

— איר האָט אונז אַנטדעקט אַמעריקע! ווער זאָגט דען, אַז די רוסן קאָנען אונז נישט העלפן? זיי מוזן דאָ אַריינקומען! מ׳זאָגט, אַז די נייע רוסישע גרענעץ זאָל זיין ביי דער ווייסל. אַזוי זאָל שוין זיין אָפּגעמאַכט מיט ענגלאַנד, און ווען טשערטשיל זאָל עס ניט האָבן גאַראַנטירט, וואָלט דאָס ווערט געווען אַ קנעפּל. מ׳זאָגט אויך, אַז די רוסן זענען אָנגעטאָן אין עפּעס אַזעלכע ווינטער־קליידער, וואָס זענען באַזאָרגט מיט קינסטלעכער וואַרעמקייט. זיי ליגן אין די אָקאָפּעס, רירן זיך נישט פון די ערטער, ביז די דייטשן ווערן פאַרשטייפט פון די מוראדיקע קעלטן. דאָס וואָס „פּאַניע״ קאָן באַווייזן מיט זיינע ווינטערס, ווייסן מיר שוין לאַנג. היטלער ימח־שמו האָט געמיינט, אַז ער וועט איינשלונגען רוסלאַנד נאָך פאַר די פרעסט. ער האָט זיך אָבער גענאַרט, און דאָס איז אונזער רעטונג. נאָך איין מפּלה וועט קומען אַ צווייטע, אַ דריטע. נאָך מפּלות אויף אַ פראָנט מוז מען אַנטלויפן. עס וועט זיך אָנהויבן דער מאַרש אויף־צוריק. פון מזרח וועלן קומען די רוסן, און פון מערב — די ענגלענדער. אַזוי וועט „ער״ צעקוועטשט ווערן צווישן דיביידע. ישראל בראַם האָט דערביי געמאַכט אַ קרייז מיט ביידע הענט, ווי דער דייטש וואָלט שוין געלעגן אַ געפאַנגענער ביי אים אין די הענט.

— איכ׳ל זיך פון קיינעם נישט לאָזן איינרעדן, אַז אָן אַמעריקע וועט מען דעם דייטש אָוועקלייגן — האָט מען ווידער דערהערט פּימסנבוימס הייזעריקע שטים. — אָן דער אַמעריקאַנער טעכניק, מיט זייערע סאָלדאַטן, וועט מען נישט בייקומען דעם „ימחשמו׳ניק״. ענגלאַנד איז נישט געווען צוגעגרייט צו דער קריג און דאָס איז נישט אַזוי לייכט צו דערכאַפּן. רוסלאַנד מיט אירע צוויי און צוואַנציק מיליאָן קוואַדראַט קילאָמעטער איז טאַקע נישט אַזוי לייכט איינצושלינגען, אָבער נאָכן ווינטער קומט אַ זומער. אויס פראָסט! מוז מען דאָך האָבן מיט וואָס צו קעמפן. און „כלים״ קאָן מען באַקומען נאָר אין אַמעריקע. מ׳זאָגט, אַז דאָרט זענען דאָ אַזעלכע נייע געווער־פאַבריקן, ווו די טראַנסמיסיע־פּאַסן ציען זיך אויף אַ לענג פון פינף קילאָמעטער! דאָס וואָס אַמעריטשקע קאָן באַווייזן אין איין טאָג, וועלן אַנדערע לענדער נישט באַווייזן אין אַ יאָר. מיר, יידן, דאַרפן נישט מער, נאָר אַז די אַמעריקאַנער שטאָלענע פייגל זאָלן זיך אַ לאָז־טאָן אויף אייראָפּע — מיר זענען דעמאָלט אַלע אויסגעלייזטע.

פימסנבוים האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט, אַז עס האָט אַזש אָפּגעהילכט אין דער געשפּאַנטער שטילקייט פון פאַרטונקלטן שטיבל.

— וואָס שפּאַרט איר זיך אַזוי? אַלע ווילט איר דאָך דאָס זעלבע? — האָט זיך אַריינגעמישט ברוך בראָנשטיין, דער באַלעבאָס — פאַראייניקט אייך! ענגלאַנד, אַמעריקע און רוסלאַנד, און מאַכט צוזאַמען אַ שוואַרצן סוף צו דעם צורר ישראל.

— אוי, ווי דערלעבט מען שוין זיין סוף! — האָט זיך צעריבן די הענט יאַנקעלע הערשל-שמערלס, דער שענקער, וואָס איז געקומען קדיש-זאָגן נאָך זיין בן־יחיד. — פאַר מיין זונס טויט כאָטש אַ שטיקעלע נקמה! טאַ ווען זאָגסטו, בראַם, קאָן מען זיך ריכטן געהאָלפן צו ווערן?

— מיטן אויבערשטנס הילף! אויב דער „לייב" וועט זיך אַ הויב טאָן און קומען צוהילף דעם „בער" — וועלן מיר נאָך דאָס יאָר געהאָלפן ווערן! — האָט ישראל בראַם פאַרזיכערט.

***

אין דער צווייטער העלפט 1942 האָט שוין דאָס לעבן אין געטאָ באַקומען אַן אַנדער פנים. דער פריערדיקער פאַרצווייפלטער געראַנגל פאַר איבערלעבן דעם טאָג, מיט דער האָפענונג אויף אַ פרייער צייט, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אומרואיקייט און הילפסלאָזער רעזיגנאַציע. מ'האָט דערפילט, ווי די אויס־ראָטונגס־כוואַליע דערנענטערט זיך צו סאַקאָלאָוו.

אין אַזאַ אויסטערלישער צייט האָט זיך פונעם געטאָ־ייד פאַרלאַנגט אַן איבערנאַטירלעכער כוח כדי נישט צו פאַרלירן דאָס לעצטע ביסעלע בטחון. קיין לאָגישע אַרגומענטן האָבן נישט געקאָנט ווירקן אין אַזאַ צייט; מען האָט זיך געקלאַמערט אין דער מינדסטער אילוזיע און האָפענונג אויף אַן אומגעריכטן נס. אויך אין די דאָזיקע טעג פון פאַרלוירנקייט און פאַרצווייפלונג האָט ישראל בראַם נישט נאָכגעלאָזט פון זיין אָפּטימיזם.

עס איז געווען פאַר סוכות. בכדי צו שטאַרקן דעם גלויבן אין אַ נס — נאָך דער פאַרניכטונג פון די שעדלעצער און לאָשיצער יידן — האָט ישראל בראַם אַרויסגעלאָזט אַן אַקטועל ווערטל: „סוכות" — האָט ער אויסגעטייטשט — האָט פיר אותיות, וואָס באַדייטן: סאָקאָלאָוו — קאָסאָוו — ווענגראָוו — סטערדין. די דאָזיקע פיר יידישע שטעטלעך, האָבן לויט בראַמס גלויבן, געדאַרפט ניצול ווערן פון פאַרניכטונג.

פיר וואָכן האָט ישראל בראַם זיך געהאַלטן פעסט ביי זיין גלויבן אין דעם נס. ער איז נישט געלאָפן זוכן קיין רעטונג אויסערן געטאָ. ווען סאָקאָלאָווער יידן זענען צוריקגעקומען פון פעלדער און וועלדער אין געטאָ אַריין, האָט ער זיך געפילט דערהויבן.

אויף צו מאָרגנס נאָך יום-כיפור, 1942, איז ישראל בראַם, דער גרעסטער אָפּטימיסט פון געטאָ, געזעסן אויף דער שול־גאַס, צווישן די ערשטע פיר טויזנט

יידן, געכאַפּטע אויף אַוועקצושיקן קיין טרעבלינקע. די קליינע קינדערלעך זיינע האָבן אַרום אים געקלעפּט. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר, וואָס פאַראַ גורל עס דערוואַרט זיי צוזאַמען מיטן טאַטן — אין די טויט־קאַמערן פון דער דערנעבנדיקער טרעבלינקע...

## חיים זילבערמאַן — דער פּעסימיסט

חיים זילבערמאַן. ווי לעבעדיק גייט ער אויף אין מיין זכרון. אָט דער שטילער, איינזאַמער מענטש, מיט דעם אומעטיק־בלאַסן פּנים, מיט די ברייט־צעעפנטע אויגן. עפּעס אַן אומהיימלעכע גרויקייט האָט אַראָפּגעקוקט פון אָט דעם בודד אין געטאָ.

ער איז געווען אַ מענטש איבער די פופציק. אויפן קליינעם מאַרק אַנטקעגן יודנראַט איז ער אָפט געשטאַנען אין אַ זייט. יידן זענען פאַרבייגעגאַנגען, זיך געשטעלט לעבן אים, גערופירט זיך אין רעדלעך, געשמועסט אין דער שטיל וועגן געטאָ־לעבן, וועגן דער פּאָליטישער לאַגע, און זילבערמאַן פלעגט אומ־באַמערקט זיך אַוועקשאַרן. עס האָט אים געצויגן צו זיין אַליין. שעהנלאַנג פלעגט ער איינזאַם שפּאַצירן, פאַרטיפט אין זיך. צייטנווייז פלעגט ער זיך אָפּשטעלן און אַ פאַרשטיינערטער קוקן דורך די געטאָ־דראָטן ווייט, ווייט איבער דער גרענעץ.

ווי אַ באַוואָפנטער שומר איז געשטאַנען דער מיט שטעכל־דראָט אַרומ־גענומענער שפּיציקער טויער אין דער ברייט פון דער ראַגאָווער גאַס. ער האָט פאַר יידן פאַרשטעלט דעם וועג צו די שכנותדיקע גוישקע הייזלעך.

ווי אַן אָפּגעהאַקטער אבר פון אַ לעבעדיקן גוף, איז געלעגן די טייל גאַס. אַן אויסגעלאָשן לעבן האָט דאָ געפויזעט אַנטקעגן דעם טאָג־ און נאַכט־פאַר־קלאַפּטן געטאָ־מויער מיטן פאַרזשאַווערטן שלאָס.

אַ ריזיקער שטיין פון די דערנעבנדיקע באָמבאַרדירטע פעלדער האָט זיך אַהערגעקאָלערט, געבליבן ליגן צווישן די הייזלעך, ווי אַ מצבה נאָך די ערשטע צענדליקער יידישע קרבנות.

אָט צו דעם ווינקל אין געטאָ, צווישן די פאַריתומטע הייזלעך האָט זיל־בערמאַנען געצויגן אין זיין איינזאַמקייט. דאָ האָט ער זיך געפילט ווי אַן אָפּגע־זונדערטער פון געטאָ־לעבן אויף וועלכן ער האָט געקוקט מיט האָפענונגסלאָזע אויגן. גאַרנישט געזוכט און גאַרנישט געמאַנט.

זילבערמאַן און זיינע איינזאַמע שפּאַצירן האָבן מיך אָפט צוגעצויגן צו די פענצטער־שויבן אין מיין שטיבל. ער האָט אויפגעוועקט אין מיר דערמאָנונגען פון יענע פרידלעכע טעג אין שטעטל, ווען ער איז געווען אַן אויסגעקאָכטער אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער פלעגט רעדן צום שטעטל יידן, אַרויסטרעטן פאַר ציוניסטישע מאַסן. מיט אַ גליענדיקער, לײדנשאַפטלעכער התלהבות איז

ער געווען אַריינגעטאָן אין פּאָליטישן טומל, ביז צום פאַרגעסן זיין היים מיט זיין פּרנסה.

און אָט דער מענטש, וואָס האָט אַריינגעטראָגן אַזויפיל אומרו אינעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, איז איצט, אין די טעג פון גרויסן יידישן עלנט, געשטאַנען אַנטקעגן מיין פענצטער אַ פאַרלוירענער.

ווען איך האָב זיך דאָס ערשטע מאָל דערנענטערט צו זילבערמאַנען, איז ער געזעסן אַנטקעגן מיין הייזל אויף דעם גרויסן שטיין, ווי אויף אַ בית־עולם, זיין בליק פאַרשטאַרט צו דער ערד ווי צו אַ קבר.

מיך האָט שטאַרק געצויגן צו פאַרפירן מיט אים אַ שמועס. זיינע נאָענטע פריינט פלעגן פון אים אָוועקגיין מיט שווערע אָנגעלאָדענע הערצער. מען האָט אים גערופן „דער שוואַרצזעער". אַנדערע האָבן, פאַרבייגייענדיק לעבן אים, אַ זיפץ געטאָן מיט מיטלייד — ער איז געווען אַליין. זיין פרוי מיט די קינדער זענען געווען אויף יענער זייט בוג, ביי די רוסן.

זילבערמאַן האָט גערעדט שטיל און רואיק וועגן אונזער אויסזיכטלאָזיקייט. ער האָט דאָס אויפגעוויזן מיט פאַקטן, מיט ציפערן. ער האָט מיר אויפגעקלערט זיין קוק אויף דעם קריג, אין אָנבליק פון די דייטשישע נצחונות. פון זיינע ווערטער האָט זיך געהערט דערשלאָגנקייט און רעזיגנאַציע. עס האָט מיך אַרומגענומען אַ ווייטיק, אָנקוקנדיק זילבערמאַנען, וואָס האָט פאַרלוירן זיין אַמאָליקע לעבנס־לוסט, זיין אמונה און בטחון.

1942. אַ פרילינג־טאָג אין געטאָ. אין זוניקן דרויסן האָט די האַרטקייט און ביטערקייט אויף די יידישע פנימער אַביסל נאָכגעלאָזן. אַריינאָטעמענדיק אין זיך די פרילינג־לופט האָבן ווי אויפגעלעבט די אויסגעמאַטערטע, איינגע־דאַרטע לייבער פון זקנים, קראַנקע און קינדערלעך.

אין אַזאַ טאָג האָב איך זילבערמאַנען באַגעגנט — אַ גלייכגילטיקן צו דער דרויסנדיקער שיינקייט. ער האָט פון אַ זייט געקוקט מיט רחמנות אין זיינע אומעטיקע אויגן אויף די צעשפּילטע קינדער אַרום די הייזלעך.

איך האָב פאַרשטאַנען, וואָס עס האָט זיך געטאָן אין זיין נשמה, האָב איך געוואָלט געפינען פאַר אים אַ טרייסט־וואָרט.

— דאָך איז נאָך נישט אַלץ פאַרלוירן. עס וועט נאָך אַמאָל מסתמא גוט זיין — האָב איך צו אים אַ זאָג געטאָן.

— שווער, שווער אין דעם צו גלויבן — האָט זילבערמאַן געענטפערט.

מיר האָבן געשפּאַנט אַהין און צוריק אויף דעם שטיקל טראָטואַר ביז דעם געטאָ־טויער און נישט געזען דעם פרילינג־טאָג.

— ניין, אַזוי רעדן טאָר נישט קיין מענטש, וואָס האָפט נאָך דערלעבן די פרייהייט.

— מענטש... מענטש...

זילבערמאַן האָט דאָס וואָרט איבערגעחזרט מיט אַ גרימאַסע אויף זיין בלאַס פנים, און באַלד געפרעגט מיט אויפרעגונג:

— זענען מיר נאָך מענטשן? דאָס איז אַ לאַנגזאַמע גסיסה פון אונזערע גופים צוזאַמען מיט די נשמות.

איך האָב זיך באַמיט צו־נישט צו מאַכן זיינע אויספירונגען, אָבער זילבער־מאַן האָט נאָך אַ ווײַלע פאַרטראַכטן זיך אַ זאָג געטאָן:

— מיר זענען פאַרמשפט צום אונטערגאַנג!

און ווידער האָט ער מיך פאַרשלעפּט מיט זיינע רייד אויף די וועגן, וואָס פירן קיין טרעבלינקע.

*****

אין מאַי 1942 איז חיים זילבערמאַן אַוועק אין לאַגער שטעגלאַטשין־קורטשעוו. ער האָט דאָרט אָנגעפירט מיט דער קאַנטינע, וואָס האָט פאַרקויפט פּראָדוקטן די יידישע אַרבעטער אין לאַגער. ער איז אומגעקומען, צוזאַמען מיט אַלע יידן, דעם 26־טן נאָוועמבער 1942, ווען דער לאַגער איז פולשטענדיק פאַרניכטעט געוואָרן.

השם ינקום דמם!

## צום טויט

## א שפּאַציר —

ווען עס איז אָנגעקומען אין געטאָ די שווערע הונגער־צייט איז יאַנקל מאַנטשערס טאָכטער געווען הילפלאָז. זי האָט נישט געקאָנט ווי אַנדערע, מיט מער הפקרדיקער דרייסטקייט — איינשטעלן דאָס לעבן ביים פאַרשאַפן זיך פון דער אַנדערער זייט דראָטן אַביסל שפייז פאַר אירע הונגעריקע קינדער. זי האָט דעמאָלט מיט אַ ציטערדיקער האַנט אָנגעהויבן אַרויסציען פון באַהעלטעניש איינצלנע „פּאַפּירלעך" (דאָלאַרן), וועלכע מען האָט לייכט געקאָנט טוישן אויף ברויט און קאַרטאָפל. ווען דאָס פּעקעלע האָט זיך פאַרקלענערט, האָט זי די לעצטע דאָלאַרן אַרויסגעצויגן פון אונטער דער ערד און זיי אַרומגעטראָגן מיט זיך, באַהאַלטן אין בוזעם.

אַ טאָפּעלע שרעק האָט זי באַהערשט: זי האָט געציטערט פאַרן טאָג, ווען זי וועט זיך דאַרפן שיידן מיטן לעצטן דאָלאַר, וואָס זי האָט געהאַט ליגן, צו־געשיקט פון אירע אַמעריקאַנער קרובים, און זיך אויך געשראָקן אַרומצוטראָגן מיט די טויט־געפערלעכע פּאַפּירלעך. ווו עפּעס אַ רעוויזיע, אַן אַבלאַווע אין געטאָ, האָט זי אַרומגעכאַפּט אַ פיבערדיקע ציטערניש. זי האָט אָבער גע־טראַכט: וועלכן דייטש וועט דאָס איינפאַלן צו זוכן ביי איר אין בוזעם? ווועמען וועט אויסזעען פאַרדעכטיק אָט די מיט דער געטאָ־נויט אַרומגעהילטע יידענע, וואָס באַוווייזט זיך קיינמאָל נישט אויף דער ליכטיקער שיין?

ס'איז געווען אַ קאַלטער ווינטערדיקער טאָג. צווישן די הייזלעך אין די שמאָלע געסלעך זענען אַרומגעלאָפן צעיושעטע דייטשן און יידישע געטאָ־פּאָליציי כאַפּן צו אַרבעט. די מענער האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אונטער דער ערד אין געהיימע באַהעלטענישן.

אין שרעק פאַר די הפקרדיקע געשרייען און גאַסן־טומל האָט יאַנקל מאַנטשערס טאָכטער פאַרהאַקט און פאַרריגלט די טיר פון איר הייזל. ווען די כאַפּערס האָבן זיך דערנענטערט צו דעם אָרט און אָנגעהויבן טרעשטשן די טיר, האָט זי אַ צעטומלטע פון שרעק שנעל געעפנט דאָס פענצטער און אַרויס־געוואָרפן דאָס פּעקעלע פון בוזעם אין האַלב־פינצטערן געסל אַריין.

ביים אַריינגאַנג אינעם געסל איז געשטאַנען אַ באַוואָפנטער דייטש מיט

אַן אויסגעשטערקטער ביקס. זעענדיק עפּענען דאָס פענצטער, האָט ער אָפּ־געוואָרט אַן אַרויסשפּרינגנדיקן ייד. מיט אַ מאָל האָט ער גאָר דערזען, ווי עס פליט עפּעס אַרויס פון פענצטער. דער דייטש האָט זיך צוריקגעצויגן: זיכער אַ יידישער גראַנאַט. אָבער אומזיסט האָט ער אָפּגעוואָרט אַן אויפרייס. מער ווי געשרייען און געוויינען האָט ער נישט געהערט.

דער דייטש האָט זיך כיטרע צעשמייכלט, ווען ער האָט צעוויקלט דאָס איינגעבונדענע שמאַטקעלע און אַרויסגעצויגן פון דאָרט צוויי איינציקע דאָלאַר־פּאַפּירלעך.

מיט אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט דער דייטש געמאָלדן דעם אָנפירער פון די כאַפּערס:

— יידישע דאָלאַרן, געוואָרפן פון דעם פענצטער!

די צוויי דייטשן זענען אַריין אין שטוב און מיט אַ געמאַכטער רואיקייט געפרעגט, ווער ס'האָט אַרויסגעוואָרפן דאָס פּעקעלע דורכן פענצטער.

— ענטפערט, איר פאַרשאָלטענע יידן. אויב נישט, טויטן מיר אייך אַלע ביזן לעצטן! — האָבן ביידע צעווילדעוועטע דייטשן מיטן אויסגעשטערקטן געווער אין די הענט גענומען שרייען צו די שטוביקע, וואָס זענען געשטאַנען צוזאַמענגעדריקטע, איינגעקאָרטשעטע.

יאַנקל מאַנטשערס טאָכטער האָט מיט צענומענע הענט, ווי צו שיצן די אַנדערע מענטשן אויסגעשריגן: „איך!"

נאָכן פאַרשרייבן דעם אַדרעס און איר נאָמען זענען די דייטשן אַוועק.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז צו דער פרוי געקומען אַ ציוויל־געקליידעטער דייטש, גערעדט האָט ער העפלעך, מיט אַ ווייך־נאָכגיביקן טאָן:

— זאָגט מיר, פרוי, פון וואַנען האָט איר גענומען די דאָלאַרן און מיט וועמען האָט איר געהאַנדלט? פאַר דערציילן דעם אמת וועט איר באַפרייט ווערן פון יעדער שטראָף.

— מייַנע פריינד פון אַמעריקע האָבן מיר דאָס געשיקט נאָך פאַרן קריג.

נאָכן פאַרשרייבן דעם פּראָטאָקאָל איז דער דייטש אַוועק. ס'זענען פאַרביי עטלעכע חדשים, אין אַ פרילינג־טאָג 1942 איז געקומען אין יודנראַט אַ שוואַרץ מונדירטער באַוואָפנטער דייטש פון שעדלעץ און געהייסן רופן רבקה, יאַנקל מאַנטשערס טאָכטער. זי איז געקומען באַגלייט פון אַ יידישן פּאָליציאַנט, פאַר־וואָרפן מיט אַ לייכט טיכל איבערן קאָפּ, די שיך אָנגעשטעקט, ווי אויף דערוויייל זיך אַרויסצוכאַפּן.

דער שוואַרצער דייטש האָט אָפּגעמאָסטן די פרוי מיט אַ פאַרדעכטיקטן בליק און לסוף געזאָגט אַ צעשמייכלטער:

— זי גייען מיט מיר אויף אַ קורצן שפּאַציר.

זי איז שטיין געבליבן אַ צעטומלטע, און נאָכגעשטאַמלט די ווערטער, וואָס האָבן איר עפּעס געקלונגען פאַרדעכטיק: „אויף אַ שפּאַציר?" — „אויף אַ שפּאַציר?" —

די פרוי האָט געציטערט אין שרעק.

— האָט נישט קיין מורא, ס'וועט אייך קיין שלעכטס נישט פּאַסירן. בלויז אויף אַ קורצן פאַרהער אין פּאָליצײ־אַמט.

אַ ווײלע איז זי שטיין געבליבן, ווי זי וואָלט זיך געשלאָגן מיטן געדאַנק יאָ, אָדער נישט גיין. זעענדיק די אַרומיקע מילדע פּנימער האָט איר די שרעק אַנגעהויבן נאָכלאָזן, און זי האָט גענומען, ווי פון עמיצן אונטערגעשטויסן, נאָכגיין מיט נישט זיכערע צוריקגעהאַלטענע שריט נאָך דעם שוואַרץ־מונדירטן דײטש. ער האָט זי געפירט צום געטאָ־טויער בײם גרויסן מאַרק.

דער דײטש האָט איר יעדע פּאָר טריט אָנגעוויזן מיטן פינגער פאַר זיך.

ווען בײדע זענען אַרויס אויף יענער זײט שטאָט, האָט זי דערזען, ווי מאָטל גלעזער מיט נאָך אַ ייד שטייען בײ אַ צעגראָבענעם גרוב אין ראָוו לעבן שאָסיי.

— קומט מיט מיר נאָך אַ פּאָר טריט ווייטער — האָט דער דײטש אונטער־געשלעפּט בײם אַרבל יאַנקל מאַנטשערס טאָכטער, וואָס איז שטיין געבליבן מיט צעשראָקענע אויגן, אַ פאַרלוירענע.

— מאַרש!! — האָט דער דײטש זיך צעברומט, אַרויפלייגנדיק די האַנט אויפן רעוואָלווער.

— ניין! ניין! איך וויל נישט דערהרגעט ווערן! — האָבן אָפּגעהילכט אַרום אירע פאַרצווייפלטע געשרייען.

ווען דער דײטש אין שוואַרצן מונדיר האָט אויסגעשטרעקט דעם רעוואָלווער צו איר, האָט זי צעוואָרפן די הענט, געוויינט און געשאָלטן די וועלט אַרום איר. ס'האָבן זיך דערהערט אַ פּאָר שאָסן און זי איז געפאַלן מיט דערשטיקטע געשרייען.

דער דײטש האָט געוואַרט ביז די צוויי יידן האָבן פאַרשאָטן דעם קבר און זיך אַוועקגעלאָזט ווייטער, אויף זיין שפּאַציר...

# אויפֿן קליינעם מאַרק

דער קליינער מאַרק איז געווען אַרומגעשטעלט פֿון אַלע זייטן מיט געמויערטע הייזער, יעדעס הויז מיט זיין אויסזען און גרויס, מיט זיין חשיבות און געשיכטע. די הייזער האָבן זיך געטוליעט, אָנגעשפּאַרט איינס אָן דעם אַנדערן — אַ וואַנט צו אַ וואַנט, ווי יעדעס איינע וואָלט זיך געוואָלט אָנהאַלטן איבעם צווייטן. בלויז די זייט אַנטקעגן נייעם בית־המדרש האָט געהאַט העכערע דאַך־שפּיצן. די זייט איז געשטאַנען מיוחסדיקער, אָפּגערוקט. פֿון דאַנען איז געווען דער אַריין־ און אַרויספֿאָר פֿון מאַרק.

ווער ס׳פֿלעגט זיך אַמאָל אַרויסקריגן פֿונעם גרויסן מאַרק מיט די געדיכט־אָנגעפּאָרענע פּוילישע פֿערד און וועגענער, סטראַגאַנעס, און איז אַריין אין מיטן פֿון דעם קליינעם מאַרק, האָט דאָ גלייך דערפֿילט אַ טוכלען פֿישריח, וואָס האָט זיך געטראָגן פֿון אָפֿענע פֿעסער, באַליעס און שיסלען. פֿישערקעס האָבן געררופֿן: „קאַרפּן, שלייען, לעבעדיקע, לעבעדיקס אויף שבת״. דעם מאַרק־טומל האָבן פֿאַרגרעסערט די גרינוואַרג־ און פֿרוכטן־הענדלער ביי טישלעך, אַרומגעשטעלט מיט פֿולע קוישן. „קויפֿט! קויפֿט! פֿרישע, זיסע, איצט פֿון בוים אַראָפּ!״ באַזונדערע „טענער״ האָבן אויפֿן מאַרק צוגעגעבן די עופֿות, וואָס האָבן זיך געריסן פֿון די הענט אַרויס ביי די אויפֿקויפֿער.

דערפֿאַר אפֿשר איז דער נייער בית־המדרש געשטאַנען אויסגעדרייט צום קליינעם מאַרק מיט דער רוקן־זייט מויער, ווי ער וואָלט געוואָלט איינהאַלטן דעם וואָכעדיקן מאַרק־רעש, ער זאָל נישט דערגרייכן צו די אינעווייניקסטע ווענט. יעדער ציגל פֿון די בית־מדרש־ווענט איז געווען אַן עדות פֿון דער געשיכטע פֿון סאָקאָלאָוו, פֿון זינט איר אויפֿקומען אַלס יידישע שטאָט.

מיטן אַנטשטייך פֿון געטאָ, האָט זיך דער אויסזען פֿון דעם קליינעם מאַרק אין גאַנצן פֿאַרענדערט. שוין נישט געווען מער דער פֿריערדיקער טומל און אויך די מענטשן האָבן באַקומען אַן אַנדער אויסזען, אַנדערע פּנימער. נייע קולות, געשרייען, קללות. דאָ איז געווען דער צענטראַלער פּונקט, דער פּולס פֿון געטאָ־לעבן.

אַן אומעטיקע גרויקייט האָט זיך אָנגעהאָנגען אַרום דעם פֿריערדיקן פֿישפּלאַץ. די אַרומיקע ווענט האָבן אַן אַנדער קאָליר באַקומען, אַ קאָליר וואָס עס האָט זיי געגעבן די געטאָ־נויט. דעם אַלטן בית־המדרש האָט ווער, ווי אַ טרייסל

געטאָ, אים אויסגעדרייט מיטן פנים צום קליינעם מאַרק. פון דער זייט האָבן זיך צעעפנט טירן און פענצטער, ווי עמיצער וואָלט אים באַפוילן: געבוג שוין מיט דעם שבת־יום־טוב־געזאַנג! פון איצט אָן הער זיך צו צום געשריי און קוק זיך צו צו דער פּיין פון דיינע שטעטלדיקע יידן.

און אין נייעם בית־המדרש האָט זיך באַזעצט דער יודנראַט. פון דאַנען זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען אַלע באַפעלן איבערן געטאָ. אויף זיינע ווענט זענען אַרויסגעהאָנגען געוואָרן אַלע אַנטי־יידן־פאַראָרדענונגען פון דער דייטשער מאַכט. דאָ האָט זיך אויך געפונען דאָס אַרעסטאַנטן־קאַמער פאַר די „פאַרזינדיקטע" געטאָ־באַוווינער.

...אויף דעם קליינעם מאַרק האָבן זיך גרופּירט יידן מיט פאַרזאָרגטע פּנימער, וואָס האָבן מיט שרעק אין די אויגן געלייענט דעם קרייז־האופּטמאַנס מעלדונג וועגן איינפירן דאָס געטאָ.

לייבל סטאָלאָוויטש, דער גלעזער און שמאַטעס־הענדלער, וואָס פלעגט אין פרידנס־צייט זיך אַוועקלאָזן מיטן טאָג צוגלייך אויף די דאָרפישע וועגן מיט זיין געשפּאַן, באַלאָדן מיט קעסטלעך גלאָז און קאָלירטע ערדענע כלים, האָט אַ פאַרחידושטער געפרעגט:

— איז טאָקע צו גלויבן, אַז מ׳זאָל אונז אַרומצוימען מיט דראָטן, ווי הינער אין אַ שטייג?

שואל׳קעלע, דער גאַלאַנטעריע־הענדלער פון די סטראַגאַנעס, האָט גובר־זייענדיק זיין שטאַמעלדיקן לשון זיך אָנגעטאָן מיט כוח, דערציילנדיק די נייעס, אַז אין יודנראַט איז שוין דאָ אַ באַפעל איינצוקויפן סלופּעס, אַרומצוצוימען דאָס געטאָ מיט דראָטן.

— פלאַפּלער! רכילותניק! לאָז אָפּ מיט דיינע נאַרישקייטן! מ׳דאַרף נישט מער נאָר צו גראַמסן זאָל דערגיין, וואָס יידן רעדן, עט עס הייסן, אַז מיר אַליין ווילן דאָס! — האָט מיט איין אָטעם אַ זאָג־געטאָן סטאָלאָוויטש, אַ צעצונדענער פון אויפרעגונג.

שואל׳קעלע האָט פאַרקוועטשט מיט די אויגן, אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן האַרצן און אָנגעהויבן זיך פאַרענטפערן. האָט אים איבערגעהאַקט סטאָלאָוויטש:

— ס׳דיר נאָך ווייניק, אַז יידן טאָרן שוין נישט אַריינשמעקן אין דאָרף אַריין! יידן זאָלן נאָך איינקויפן די סלופּעס? און אפשר נאָך מיט אייגענע הענט אַליין זיך אַרומצוימען? וואָס יידן קאָן אַלץ איינפאַלן?

— מ׳קאָן גאָרנישט וויסן, און אַז מיר האָבן געמוזט אין צוואַנציק מינוט צייט פאַרלאָזן אונזערע היימען! — האָט זיך אַריינגעמישט מיט אַ „ריישיקן" יידיש, דער קאַלישער פּליט יאַנקעלעוויטש, וואָס האָט ליב געהאַט יעדן איינעם אָנצוואַרפן זיין שווער געמיט.

— לאָזט אָפּ יידן! אַ וועלט גייט נישט אונטער.

סטאָלאָוויטשן האָט איבערגעהאַקט די רייד דער פאַרבייגייענדיקער פּלאַן־צייכענער פון געטאָ, דער פויזנער אינזשיניער באַנק, וואָס האָט, ווי זיין גע־

ווינהייט, ליב געהאַט צו גיין חוצפהדיק פאַרריסן אַנטקעגן יידן. דאָס מאָל איז ער אַרויס פון יודנראַט מיט אַ שמייכל אויף זיין אָנגעלאָפן רויטן פּנים, ער האָט העפלעך געשאָקלט מיטן קאָפּ צו די יידן, וואָס האָבן פאַר אים געצויגן די היטלען.

שפּעטער האָבן יידן גערעדט אויפן קליינעם מאַרק: מ׳דאַרף געלט! געלט וועט אפשר העלפן.

**

...אַ דערשלאָגנדיקע שטילקייט אויף דעם קליינעם מאַרק. די אַרומיקע הייזער שטייען טיף געבויגן אונטערן שניי וואָס באַדעקט זיי, ווי איינצודרימלען אין ווינטערדיקן פאַרנאַכט. יידן שטעקן פון מאָל צו מאָל אַרויס די קעפּ פון די טירן, זוכן, באַוועגן מיט די אויגן. אומגעשטערט קומען פון דער אַרישער זייט הינט, נישטערן, שמעקן אַרום די בערגלעך שניי. לויפן וואַיענדיק אַוועק צוריק פון דעם הונגעריקן געטאָ.

אין מיטן פון דעם קליינעם מאַרק באַוועגן זיך איינגעטוליעטע מענטשן. זיי קלאַפּן אַ פוס אין אַ פוס, איינגעקורטשעטע אין די אויפגעשטעלטע קעלנער, מיט פאַרוקטע הענט אין די אַרבל.

עמיצער האָט איבערגעריסן די שטילקייט:

— דער טאָג האָלט שוין ביים פאַרגיין און מ׳זעט זיי נאָך נישט.

אַ צווייטער ענטפערט, נישט ווויסנדיק וועמען:

— זאָל זיין אין דער נאַכט, אַבי אָנקוקן מיין זון אַ לעבעדיקן.

— האָט טאַקע קיינער פון יודנראַט נישט געוווּסט, אַז מ׳נאַרט אַריין אונזערע קינדער, אויסצופּראַבירן אויף זייערע לייבער דעם נייעם גיהינום טרעבלינקע? — האָט אַ דינע פרויען־שטימע אַרויסגערעדט פון אַ פאַרוויקלט פּנים אין פראָסט אַריין.

אַ פאַרהילטע פרוי האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, אַפּערגעצויגן פון היינטער דער פאַטשיילע אַ האַנט מיט אַ שטייפן פינגער און אָנגעוויזן אין צאָרן אויף דעם נייעם בית־המדרש:

— מיין מאַן זאָל אַזוי זיין צווישן די לעבעדיקע, ווי זיי, די מענטשן פון יודנראַט, האָבן אים פאַרזיכערט, אַז ער פאָרט קיין שעדלעץ צו שאָסיי־אַרבעט. נאָך אַ חודש צייט לייען איך גאָר אַ צעקנייטשט בריוועלע: „איך געפין זיך אין טרעבלינקע, הלואי מיר זאָלן זיך נאָך זעען״.

אַלע האָבן איינגעצויגן די קעפּ טיפער צווישן די אַקסלען און ווידער איז שטיל געוואָרן, ווי יעדער איינער וואָלט געוועזן פאַרטאָן אין עפּעס אַ שטילער תפילה. בלויז די אויגן אָנגעשטעלטע צו דער זייט פון געטאָ־טויער האָבן אויס־געדריקט ביי יעדן די אינערלעכע געשפּאַנטקייט פון אַפּוואַרטונג, ווי פאַר עפּעס אַן אויסטערליש געשעעניש.

פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ ראַשיק קלינגען פון גלעקלעך. די יידן פון קליינעם מאַרק האָבן זיך, ווי אַ האַסטיקער שטראָם, צעצויגן ביז צום געטאָ־

טויער. דאָ זענען מיט אַ ווינטיקן אימפּעט זיי אַנטקעגנגעלאָפן מיט שוים באַדעקטע פערדלעך אין שליטנס, אַנגעשטאָפּטע מיט שוואַרצע איינגעטוליעטע מענטשלעכע קערפּערס, ווי פּעקלעך שמאַטעס. צעפאָכעטע הענט האָבן אַ קער געטאָן דעם מענטשן־שטראָם צוריק צום קליינעם מאַרק.

— יצחק! חיים! יאָסל! ווו ביסטו? דאָ איז דער טאַטע! די מאַמע! אַזוי האָבן פאַרקרימטע מיילער יאָמערלעך אַריינגעשריגן אין די שטיין־געבליבענע שליטנס. ברייט־צעעפנטע אויגן מיט ציטערדיקע הענט האָבן געפלאָנטערט, געזוכט, און אויסגעטאַפּט די שוואַרצע פאַרבלאָטיקטע מענטשלעכע געשטאַלטן.

— דאָ, דאָ, איז אייער זון, אייער מאַן, דער אָ, אָט איז ער — האָט איינער פון די טרעבלינקער, וואָס האָט נאָך געקאָנט שטיין אויף די פיס, אָנגעוויזן אויף די האַלב־טויטע אין די שליטנס.

ווען די נאַכט האָט אָנגעהויבן זיך אַראָפּלאָזן אויף דער בלענדיק שניי־ווייסער ערד, האָבן יידן געטראָגן אויף זייערע אַקסלען, ווי זעלנער זייערע פאַרווונדעטע חברים אויפן שלאַכטפעלד — די צוריקגעקומענע ערשטע טרעבלינקער קרבנות און זענען מיט זיי פאַרשוווּנדן אין די אַרומיקע טונקעלע געסלעך.

אויפן אָפּגעליידיקטן מאַרק־פּלאַץ, הינטער אַ וואַנט פון אַלטן בית־המדרש, איז שטיין געבליבן אַ פאַראייניזאַמטע פרוי מיט פאַרבראָכענע הענט. איר מאַן איז נישט צוריקגעקומען.

***

אין אַ טויטער שטילקייט איז געלעגן דער קליינער מאַרק אונטער דעם מאַט־גרויען הימל. דער וואַסער־פּלומפּ, ווי אַ מצבה, איינגעגראָבן אין אַ טורעמ־דיק אייז־בערגל. פראָסטיקע ווינטן האָבן מיט געוואַלד זיך געטראָגן איבער שנייאיקע באַרג־שפּיצן.

לעבן נייעם בית־המדרש איז געלעגן איבערגעדעקט מיט אַ ווייסן צודעק דער אַריינגאַנג צו שמחה ווינטרויבס שטוב. דאָ איז געווען אויסגעשפּרייט די שטילקייט נאָך זיין טויט.

די גאַסן־טרעפּלעך ביי יאַנקעלע הערשל־שמערלס שענק זענען געווען פאַרשאָטן מיט שניי. די פאַרהאַקטע טיר און פענצטער האָבן דערציילט, אַז אינעווייניק זיצט מען שבעה נאָכן בן־יחיד, וואָס וועט שוין מער קיינמאָל נישט אומקערן זיך אַהער.

פון דער אַנדערער העלפט געטאָ האָבן זיך באַוויזן יידן, אַרומגענומען מיט פראָסט און ווינט. זיי זענען שטיין־געבליבן לעבן אַ גרופּע איינגעטוליעטע יידן, אַנטקעגן דער וווינונג פון נאַר־וואָס פאַרשטאָרבענעם יחיאל עלענבערג.

ירחמיאל ריבאַק, פון דער חברה־קדישא, איז שטיין־געבליבן, אַראָפּגעלאָזט פון זיין פאַרגאַרטלטן רוקן דאָס טהרה־ברעט, אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם, האָט ער אַריינגערעדט צווישן די יידן:

— אַ טאָג! פינף לוויות!

# איין גורל

אין אַ זומערדיקן פֿאַרנאַכט האָבן יידן געזען אָנקומען פֿון אויסערן געטאָ אַ באַוואָפֿנטן זשאַנדאַר. לעבן אים איז געגאַנגען אַ מיטל־ווּקסיקער מענטש אין הויכע שטיוול. אויפֿן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ גויאיש היטל מיט אַ לאַקירטן דאַשעק. זיין בלאַס צעשראָקן פּנים מיט די געדרייטע וואָנסעס איז געווען אַראָפּגעלאָזט איבער זיינע, אויף פֿאָרנט פֿאַרלייגטע הענט.

לעבן יודנראַט האָט דער אַרעסטאַנטן־וועכטער שעפּסעלע ראָזענצווייג, אים איבערגענומען פֿון זשאַנדאַרס הענט.

דער קליינער שעפּסעלע, מיט אַ פּנים פֿון אַ ישיבה־בחור, אונטער אַ פֿלאַך רונדיק פּאָליציייאיש געטאָ־היטל, האָט געהאַלטן אין דער האַנט אַ לאַנג גע־פֿלאָכטן גומי־בייטשל. דעם אַרעסטירטן ייד איז אַ ביסל לייכטער געוואָרן, ווען ער האָט דערזען, ווי דער זשאַנדאַר לאָזט אים דאָ איבער צוזאַמען מיט דעם פּראָטאָקאָל און פֿאַרשווינדט.

— אייער נאָמען ?

— מאָטל סקיבניעווער רופֿט מען מיך צווישן יידן.

ביים שיין פֿון עלעקטרישן לעמפּל האָט אים שעפּסעלע אָנגעוויזן אויף אַ ווינקל אין נייעם בית־המדרש. ווען די טיר האָט זיך פֿאַרשלאָסן הינטער מאָטלען, איז ער שטיין געבליבן אין דער געדיכטער פֿינצטערניש. ער האָט נישט געקאָנט באַנעמען די פּלוצלינגע ענדערונג, דאָס וואָס האָט מיט אים פּאַסירט אין די לעצטע שעה׳ן פֿון טאָג. אַ דערשלאָגנדיקע מידקייט האָט אים איינגעבויגן צו דער פּאָדלאָגע, ווו זיינע הענט האָבן אויסגעטאַפּט אַ שטרוי־זאַק.

ליגנדיק האָט זיך מאָטל געדרייט פֿון וויטיק נאָך די קלעפּ פֿון די דייטשן. אַ פֿאַרמאַטערטער איז ער געבליבן ליגן מיט אָפֿענע אויגן אין דער געדיכטער פֿינצטערניש. ער האָט נישט געקאָנט אָפּרייסן דעם געדאַנק פֿון דעם וואָס איז געשען אויף יענעם זאַמדיקן וועג הינטערן דאָרף.

— ווען איך פאַרנעם זיך לינקס צום וועלדל וואָלט איך אפשר דערגאַנגען מיט די קי ביז דער שטאָט, אויפן אָפּגערעדטן אָרט — האָט ער געטראַכט — און אפשר איז עס גאָר אַ מסירה? היינטיקע צייטן, ווען פאַרבאָרגענע בליקן לויערן אויף יידישע טריט. אפשר אַזאַ שונא ישראל, ווי דער פּוילישער פּאָ־ליציאַנט! געלאָזט זיך איבערקויפן און לסוף פאַרפירט אין די הענט פון דער זשאַנדאַרמעריע. איצט, וועלן ווייב און קינדער זיך אויסקוקן די אויגן נאָכן פאַרשווונדענעם מאַן און טאַטן.

אין פרימאָרגן האָט זיך מאָטל אַ טרייסל געטאָן אויף זיין שטרוי־זאַק. נאָך דער נאַכט מיט די בייזע חלומות איז אים שווער געווען אויפצוהויבן דעם קאָפּ.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט. זיין בליק האָט געבלאָנדזשעט איבער דעם פאַרקראַטעוועטן פענצטער, די אָפּגעקראַצטע ווענט, דער סופיט מיט די פּאַ־יענטשענע צויטן, די שטרוי־זעק.

ווען שעפּסעלע, דער וועכטער, האָט געעפנט די טיר, האָט מאָטל געהאַט צו אים נאָר איין פאַרלאַנג: טלית און תפילין.

לעבן יודנראַט איז געשטאַנען זעלדע, מאָטלס ווייב, אַ נידעריקע יידענע מיט אַ קאָפּ־טיכל ביז אונטערן פּנים. זי האָט אַריינגערעדט אין פּרעזעס, נחום לעווין, ווישנדיק די אויגן ביי יעדן וואָרט. דערנאָך האָט זי אַרויפגערעדט צום פאַרקראַטעוועטן פענצטער:

— מע'ט אַלץ טאָן, דיך אַרויסצונעמען, מיט גאָטס הילף.

— זעלדע, באַזאָרג מיר מיין טלית און תפילין מיט אַ פּאָר ספרים.

מאָטל איז געבליבן שטיין ביים פענצטער. דאָס אַרעסטאַנטן־חדרל האָט פונעם טונקלען געסל אַריינגעצויגן אין זיך אַ שאָטנדיק טאָג־ליכט. ער האָט געקוקט ווי יידן גייען מיט געאיילטע טריט, מיידן זיך אויס ביים אַריבערגיין די ביידע העלפּטן פון געטאָ; ווי די גויים קוקן זיי נאָך, ווי פאַרדעכטיקע און גייען זיך גלייכגילטיק ווייטער זייער גאַנג.

שפּעטער איז זעלדע ווידער געשטאַנען ביים יודנראַט. דער פּרעזעס נחום לעווין האָט זיך באַוויזן אַן אָנגעבלאָזענער, מיט דער געלער טעקע, וואָס האָט אים נאָכגעהאָנגען ביז די גאַסן־שטיינער. ער האָט זיך אָנגעטראָפן מיט אירע מאָנענדיקע אויגן און נאָך פון דער ווייטנס אָנגעהויבן ציען מיט די אַקסלען.

— איך קאָן גאָ־ר־נישט מאַכן. אייער מאַן איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף דרייסיק טעג טרעבלינקע.

זעלדע איז נאָכגעגאַנגען דעם פּרעזעס, געבעטן מיט אַ פאַרשטיקט געוויין:

— ראַטעוועט, אַ טאַטע פון קינדער. איך וועל זיך לאָזן קאָסטן גויפל מ'עט דאַרפן.

— אפילו, ווען איר גיט אַזויפיל געלט, וויפל די קי וועגט, קאָן איך אויך גאָרנישט העלפן.

לעבן יודנראַט זענען געשטאַנען עטלעכע יידן און געשמועסט, אַז דער

קרייז־האופטמאַן האָט דעם פּרעזעס געענטפערט, ווען ער איז געקומען אינטער־ווענירן וועגן מאָטלס ענין:

— דער ייד האָט געוואָלט טויטן די קי און אַליין בלייבן לעבן. איך וועל טאָן פּונקט קאַפּויער.

טאָ נאָך וואָס דאַרפן זיי אים שיקן קיין טרעבלינקע? — האָט ווער געפרעגט פון דער זייט.

גדליהו־־ישעיה־זרח׳ס, דער שניידער, וואָס האָט ליב געהאַט אונטערצו־טראָגן וואָס עס טוט זיך אויף יענער זייט דראָטן, האָט געענטפערט:

— אָט אין דעם גייט עס! ביי מיר איז געווען אַ פּויער פון דאָרף, עס האָט זיך אים פאַרגלוסט אַ פּאָר הויזן פון מיין שניט, נו, איז ער צו מיר געקראָכן אונטער די דראָטן. דער גוי האָט מיר אָנדערציילט וועגן יידן, אַז די הענט האָבן זיך מיר נישט געלייגט צו דער אַרבעט. איין מעשה איז מיר אַריין אין קאָפּ און האָט מיך אַ גאַנצע נאַכט נישט געלאָזט שלאָפן. אין טרעבלינקע — האָט מיר דער גוי דערציילט — האָבן די דייטשן אויפגעשטעלט עפּעס אַ צווייטן לאַגער. דאָרט אַהין ברענגען זיי צו שלעפּן אַלע מאָל פרישע פּאַרטיעס יידן, מאַטערן זיי אויס מיט כל המינים צוגעטראַכטע צרות. ווען זיי שטייען שוין קוים אויף די פיס, יאָגט מען זיי אַריין אין אַ גרויסער בודע און פון דאָרט קומען זיי שוין נישט אַרויס קיין לעבעדיקע. פאַרשטייט איר שוין איצט, נאָך וואָס די דייטשן פאַנגען יידן קיין טרעבלינקע?

— יידן, גייט אַוועק פון אים! זאָל ער בלייבן אַליין מיט די מעשיות! מער פעלט אונז נישט צו די אַלע צרות נאָר אַזעלכע רייד זיך אַריינצונעמען אין קאָפּ! — מיט די ווערטער האָט יאָסל פּימסנבוים, אַן אויפגעבראַכטער, איבערגעהאַקט די שמועסן וועגן טרעבלינקע.

אין אַרעסטאַנטן־קאַמער איז מאָטל געזעסן ביי אַ לאָם טישל. ער האָט געלאָזט אין זיין דאַרפישער היים אַ שטיק פעלד, וואָס איז אים געבליבן נאָך פון זיינע עלטער־זיידעס. ער האָט געטראַכט, אַז זיין גויאישער שכן, וואָס האָט צעאַקערט גאַנצע פאַסן פון זיין שטיק ערד, וואַרט נאָר אָפּ די מינוט צו קאָנען אַלץ אַוועקרויבן. יאָ! ער האָט מיך געמסרט! נישט קיין אַנדערער! ער, וואָס פלעגט מיר אַלע טאָג דערציילן, אַז מען וועט די יידן פאַריאָגן פון דאָרף.

אין טיר האָט זיך דערהערט אַ דרייען פון שליסל. עס איז אַריינגעקומען אַ הויכער, בלאָנדער יונגערמאַן מיט אַ פאַרבלוטיקט העמד. פון צעאַקערטן פּנים האָבן אַרויסגעקוקט אַ פּאָר ברייט־צעשראָקענע אויגן. דער יונגערמאַן האָט זיך געוואָרפן אין אַ ספּאַזמאַטיש געוויין. ווען ער האָט זיך גענומען האַקן מיט די פויסטן אין קאָפּ, אַן אויסגעצויגענער אויפן שטרוי־זאַק, האָט מאָטל אַלאַר־מירט דעם וועכטער.

שעפּסעלע איז אַריין מיטן קאַנטשיק אין האַנט.

— משוגענער ווידאָווסקי, אַ דיבוק איז אין דיר אַריין! וואָס, ווען טרעב־לינקע!? קענסט נישט דעם ווילדן אַרבעטס־אינספּעקטאָר? דאָ ברומט ער ווי

אַ ווילדע חיה, און שפּעטער לאָזט ער זיך גלעטן איבערן שיכורן קאָפּ. וועסט נישט גיין קיין טרעבלינקע!

ווידאָווסקי האָט דערציילט מאָטלען:

— נאָך פון מיינע קינדער־יאָרן בין איך אַ צוקער־בעקער. פאַרשטייט איר דאָך שוין, אַז איך קען אָפּבאַקן אַ גוטן קוכן. ווען מ׳האָט מיך מיט מיין משפחה פאַרטריבן פון קאַליש קיין סאָקאָלאָוו, האָב איך מיך גלייך געגומען צו מיין פאַך. מיינע קיכלעך האָבן דאָ געהאַט אַ שם. דער דייטשער אַרבעטס־אינספּעק־טאָר לעבע האָט זיך אין יודנראַט נאָכגעפרעגט אויף אַ גוטן צוקער־בעקער. מ׳האָט מיך געלאָזט רופן. איך האָב פאַרטיק געמאַכט אַ פּאָר בלעכן און אַוועק דערמיט צום אינספּעקטאָר. אויפן צווייטן טאָג האָט מיך זיין קאָכאַנקע גאָר שטאַרק גערימט. פון יענעם טאָג בין איך געוואָרן אַן אָפּטער אַריינגייער צו אים. איך האָב געהאַט אַן אַרבעטס־קאַרטע פון אינספּעקטאָר אַליין. איז באַשערט אַן אומגליק. שטענדיק בין איך געגאַנגען מיטן באַד־וועג און זיך פאַרדרייט לינקס אין אַ געסל. נעכטן בין איך אַרויס מיט אַן אַנדער וועג דורך דער קילינסקי און דער טייוול האָט אָנגעטראָגן דעם פּאָזנאַניאַק, דעם אינספּעקטאָרס בעסטן בראָנפן־קאָלעגע, האָט ער מיר נאָכגעקוקט ביז איך בין אַריין מיט די בלעכן צום אינספּעקטאָר אין הויף אַריין. היינט באַפעלט מען מיך פון יודנראַט, אַז איך זאָל שנעל צוגיין צום אינספּעקטאָר. איך עפן די טיר — פאַלט ער אויף מיר אַרויף ווי אַ צעררייצטער הונט, שלאָגט און האַקט מיט זיין גומי־בייטש און שרייט אַ צעווילדעוועטער: „פאַרגיפטיקן האָסטו אונז געוואָלט מיט דיינע שייסקוכן! קיין טרעבלינקע, דו פאַרשאָלטענער יודע!"

די זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אונטער דער מערב־וואַנט פון אַרעסטאַנטן־קאַמער. עס איז געווען פרייטיק־פאַרנאַכט.

אין טונקעלן געסל פון אַלטן בית־המדרש האָט זיך געקייקלט מאָטלס ניגון פון שיר השירים. יידן זענען אַ ווײַלע שטיין געבליבן, אַרויפקוקנדיק צום פאַר־קראַטעוועטן פענצטער.

— ר׳ מאָטל, טוישט אייער ניגון! ער איז צו פריילעך פאַר מיין געמיט!

שבת באַגינען האָבן זיך אין טונקעלן געסל דערהערט זעלנערישע טריט. צוויי באַוואָפנטע זשאַנדאַרן האָבן דעם אַרעסטאַנטן־וועכטער באַפוילן אַרויספירן די צוויי יידן פון קאַמער. מאָטל איז אַרויס רואיק, מיטן טלית־זעקל אונטערן אָרעם. ווידאָווסקי האָט זיך געאַמפּערט. זיינע קללות האָבן אָפּגעהילכט איבערן געטאָ.

ביידע זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אויפן וועג קיין טרעבלינקע, מער נישט צוריקצוקומען.

# טרעבלינקע נומער 2

פרילינג 1942 איז באַקאַנט געוואָרן אין סאָקאָלאָווער קרייז, אַז בערך אַ דריי קילאָמעטער פון טרעבלינקער שטראָף־לאַגער ווערט אויפגעשטעלט אַ צווייטער לאַגער אויף אַ פיל־גרעסערן שטח, ווי דער עקזיסטירנדיקער. די אַרבעט ווערט געפירט צווישן די דאָרטיקע סאָסנע־וועלדלעך, אויף אַן אָפּ־געזונדערט אָרט, ווייט פון דערפער אין יענער געגנט, ווי אויסצוהיטן זיך פאַר דער עפנטלעכקייט.

די ידיעות האָבן נישט געמאַכט קיין שטאַרקן איינדרוק אויף דער באַ־פעלקערונג. דאָך זענען זיי געוואָרן אַ טעמע פאַר אָפטע שמועסן. מען האָט אויסגעטייטשט, אַז די דייטשן ווילן נאָך מער פאַרשאַרפן און אויסברייטערן זייער טעראָר־רעזשים דורך אויפשטעלן אַ צווייטן שטראָף־לאַגער. קיינער האָט זיך אָבער דעמאָלט נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אויף דעם דאָזיקן פאַרוואָר־לאָזטן שטח, אַזוי נאָענט פון סאָקאָלאָוו, ווערט אויסגעבויט אַן אויס־ראָטונג־לאַגער פאַר אונז יידן; אַ טויט־פאַבריק, וווּ הונדערטער טויזנטער יידן וועלן אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן פלאַנמעסיק פאַרניכטעט ווערן; אַז דער־אָ וויסטער שטח, נאָענט פון מענטשלעכע ישובים, וועט ווערן אַ מאַסן־קבר, וווּ דאָס פוילישע יידנטום וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַשיקן שטויב.

לויט די שמועות פון יענער צייט, זענען אין ערשטן סטאַדיום פון אויפ־שטעלן טרעבלינקע 2, דאָרט געווען באַשעפטיקט פיל אינטערנירטע פון טרעב־לינקער שטראָף־לאַגער נומער 1, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון פאַכלייט, וואָס זענען ספּעציעל אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פון דייטשלאַנד. ווען אויף דעם אַרומגעצוימטן שטח זענען אויפגעשטעלט געוואָרן די ערשטע באַראַקן, האָבן די דייטשן פון ערגעץ געבראַכט גרופּעס געפאַנגענע יידן און זיי אינטערנירט אין דעם לאַגער. אויך די קליינע צאָל וואָס האָט זיך געפונען צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן אין שטראָף־לאַגער פון טרעבלינקע 1, איז אַריבערגעפירט געוואָרן אין טרעבלינקע 2. דאָס איז געווען דער ערשטער באַווייז, אַז דער לאַגער האָט עפּעס פאַרבאָרגענע צילן קעגן יידן.

קורץ נאָך דעם האָט מען זיך דערוווּסט, אַז צו טרעבלינקע 2 איז פאַרלייגט געוואָרן אַ באַן־ליניע, וואָס פירט דירעקט צום לאַגער פון דער קליינער באַן־סטאַציע טרעבלינקע. דאָס האָט אַרויסגעבראַכט קלאַנגען, אַז דאָ ווערט אויפגעשטעלט אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר אויסגעזידלטע יידן פון דריטן רייך; די דייטשן זאָלן אפילו אינסטאַלירן פאַר זיי אַרבעטס־וואַרשטאַטן, וואָס וועלן פאַבריצירן קריגס־מאַטעריאַלן. מען האָט אויך געשמועסט, אַז עס ווערן דאָרט געלאַגערט געהיימע אַמוניציע־זאַפּאַסן. פון וואַנען עס האָבן זיך גענומען די קלאַנגען, האָט קיינער נישט געוווּסט.

די ערשטע ידיעות וועגן טרעבלינקער לאַגער האָבן געשטאַמט פון די דערפער ווולקע און טרעבלינקע. אַהין זענען געקומען אוקראַאינישע וואַכלייט, כדי צו פאַרברענגען מיט די פּויערישע מיידלעך. זייענדיק שיכור האָבן זיך די אוקראַאינער פאַרגעשטעלט אַלס „וואַכלייט פון דעם יודן־לאַגער", ווו „די זשידעס ווערן איבערטראַנספּאָרטירט אין הימל אַריין". פון די אוקראַאינער האָבן זיך די פּאָליאַקן דערוווּסט, אַז זיי אַליין דראָט נישט קיין שום געפאַר פון טרעבלינקע 2. אַז דאָס איז אמת, האָבן זיך די איינוווינער פון די דאָזיקע דערפער גיך געקאָנט איבערצייגן. זיי האָבן געזען, ווי גאַנצע מחנות געפאַנגענע יידן ווערן געטריבן אין לאַגער אַריין און קומען שוין פון דאָרט נישט אַרויס.

אויף דער אַרישער זייט האָבן פּאָליאַקן אָנגעהויבן רעדן וועגן „יידן־לאַגער" אין טרעבלינקע 2 און זיך דערציילט, אַז די דייטשן האָבן דאָרט אויפגעשטעלט אַ פאַבריק פון זייף וואָס ווערט געמאַכט פון יידיש פעטס און אַ פאַבריק, ווו מען אַרבעט אויס וווּרשט פון יידישע קערפּערס. אַנדערע האָבן זיך געוויצלט וועגן אַ „יידן־לאַגער מיט אַ הויכן לייטער, אויף וועלכן די זשידעס קלעטערן גלייך אין הימל אַריין".

יוני 1942 האָבן יידן אין געטאָ זיך דערוווּסט וועגן אַ טראַנספּאָרט ציגיינער, וואָס די דייטשן האָבן געברענגט קיין טרעבלינקע 2. זייער צאָל האָט מען געשאַצט אויף איבער טויזנט נפשות, צווישן זיי פיל פרויען און קינדער.

יידן האָבן דאָס אויסגעטייטשט ווי אַ באַווייז, אַז טרעבלינקע 2 האָט נישט צו טאָן בלויז מיט יידן. טייל האָבן דערפון געדרונגען, אַז די אַלע רייד צווישן גויים וועגן יידן־לאַגער זענען נישט מער ווי נקמה־ווונטשן פון די אַנטיסעמיטן. אַנדערע יידן אין געטאָ האָבן זיך אָבער נישט באַרויִקט פון די דאָזיקע אויסטייטשונגען. זיי האָבן זיי באַטראַכט ווי זעלבסטבנאַרעריי. יעדנפאַלס איז געווען קלאָר, אַז די דייטשן האָבן אין טרעבלינקע נישט איינגעאָרדנט קיין היים פאַר די היימלאָזע ציגיינער מיט זייערע משפחות. דאָס האָט באַשטעטיקט, אַז אַלע, וואָס טרעטן אַריבער די שוועל פון טרעבלינקע 2, זענען פאַרמשפּט צום טויט.

אין געטאָ האָט מען שוין געוווּסט אָפן, אַז אַ 18 קילאָמעטער פון דער שטאָט עקזיסטירט אַ פאַרניכטונג־לאַגער פאַר מענטשן. די רייד האָבן אָנגעהויבן אַריינדרונגען אין די יידישע שטובן. אויך די קינדער האָבן זיי אויפגענומען מיט ציטער און שרעק. מ'האָט דערפילט, אַז אַ מוראדיק געשפּענסט צעלייגט

זיך איבער די יידישע הייזער; ווי דאָס ביסעלע העלע שיין פאַר די אויגן ווערט פאַרפינצטערט. אויסגעמאַטערטע מאַמעס און זקנים האָבן זיך געבעטן, מ׳זאָל אויפהערן מיט די גרויל-געשיכטעס.

ביי אַלע ערנסטע סיטואַציעס פלעגן אויף דער אויבערפלאַך פון יידישן געטאָ־לעבן גלייך אַרויפשווימען אַזעלכע, וואָס האָבן פאַרשריגן די „פּאַניק־מאַכער", די „רכילות־פאַרשפּרייטער". אויך אין דער צייט, ווען ס׳איז אויפגעקומען טרעבלינקע 2, האָט מען זיך געגרן צוגעהערט צו דער שטים פון יענע, וואָס האָבן מיט אַלע כוחות פאַרטריבן די בייזע מחשבות. יידן האָבן זיך באַרואיקט, געטרייסט, אַז אַזעלכעס וועט די וועלט נישט דערלאָזן!

אין די אומלעגאַלע בלעטלעך פון דער פּוילישער אונטערערד, וואָס פלעגן אין געהיים אַריינקומען אין געטאָ, האָבן מיר נאָכגעזוכט עפּעס אַ וואָרט, אַ רמז, וואָס זאָל אָנדייטן אויף די שמועות וועגן טרעבלינקע. אין די געהיימע פּובליקאַציעס האָבן תמיד פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט די גרויל־מעשים פון די דייטשן איבער דער פּוילישער באַפעלקערונג. די גרויל־טאָטן פלעגן אויספירלעך באַשריבן ווערן. מען האָט זיך דערוווּסט די דאַטעס, די ערטער און אפילו די נעמען פון די קרבנות. די אַפּלייקענער פון די ידיעות וועגן טרעבלינקע האָבן זיך געשטיצט אויף דעם, וואָס אין די געהיימע אינפאָרמאַציע־ביולעטינען ווערט מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט וועגן אַ יידן־לאַגער.

אין געטאָ איז שטילער געוואָרן וועגן טרעבלינקע. אין דער זעלבער צייט האָט מען אויך אויף דער אַרישער זייט אויפגעהערט רעדן וועגן יידן־לאַגער. די זעלבע פּאָליאַקן, וואָס האָבן פריער דערציילט גרויל־געשיכטעס וועגן אַ מאַסן־פאַרטיליקונג פון יידן און ציגיינער אין טרעבלינקע, האָבן אַליין אָנגעהויבן צווייפלען אין דעם. די פּאָליאַקן וואָס זענען געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דער אונטערערדישער באַוועגונג, האָבן אויף אָנפראַגעס מצד יידן, געגעבן אויסמיידנדיקע ענטפערס וועגן טרעבלינקע, ווי דער ענין וואָלט זיי ווייניק אָנגעגאַנגען. דאָס איינציקע, וואָס זיי האָבן אין דער צייט געוווּסט וועגן טרעבלינקע 2, איז געווען, אַז דאָרט ווערן פאַרפּייניקט פּוילישע פּאַטריאָטן, וואָס ווערן אַהין פאַרשלעפּט פון פּוילישע מערב־געביטן.

איינציקע יידישע פּליטים אין געטאָ, וואָס זענען געווען באַפריינדעט מיט פּוילישע פּליטים אויף דער אַרישער זייט, האָבן זיך באַמיט דורך דער הילף פון יענע אויסצופאָרשן אויף ווי ווייט עס האָבן אַ גרונט די רייד וועגן טרעבלינקע. ס׳איז מיר באַקאַנט פון אַזאַ פּאָליאַק, וואָס האָט געהאַט קרובים, אויך פּליטים, אין די דערפער נאָענט פון טרעבלינקער לאַגער — און ער איז ספּעציעל אַהין געפאָרן, כדי צונויפצוזאַמלען ידיעות, וואָס זאָלן אויפקלערן דעם פאַרבאָרגענעם ענין. נאָכן פאַרברענגען אַ קורצע צייט אין דאָרף ווולקע, האָט דער פּאָליאַק געוואָסט צו דערציילן, אַז עס איז פאַרבאָטן זיך צו דערנענטערן אַ קילאָמעטער אַרום דעם לאַגער. אַ צופעליקער פאַרבייגייער קאָן אָן וואָרענונג דערשאָסן ווערן. פון די צונויפגעזאַמלטע אינפאָרמאַציעס אין דאָרף, פון זיינע

איינדרוקן און פון די אַפּהילכן, וואָס זענען פון לאַגער דערגאַנגען צו זיינע אויערן, פילט ער, אַז דאָרט קומט פאָר עפּעס שרעקלעכס.

די גרוסן פון דעם פּאָליאַק זענען פאַרבליבן אַ שטיקל צייט ווי אַ סוד, פון וועלכן עס האָבן געוווּסט בלויז געציילטע יידן. זיי האָבן נישט געוואָלט איבער־שרעקן דעם עולם אין געטאָ. די דייטשישע מאַכט אין סאָקאָלאָוו, וועלכע האָט גוט געוווּסט די צילן פון טרעבלינקע 2, האָט אָפּגעלענקט די אויפמערקזאַמקייט פון די יידן צום לאַגער. זי האָט אָנגעהויבן אַ נייע כוואַליע פון רדיפות און טעראָר־אַקטן, וואָס האָבן געדאַרפט צעטומלען די יידישע מוחות.

סוף יוני 1942 איז דערהאַלטן געוואָרן אַ ידיעה פון שכנותדיקן שטעטל קאָסאָוו, אַז קיין טרעבלינקע קומען אָן פון ווייטע געגנטן צוגן מיט טראַנספּאָרט־וואַגאָנען, וואָס זענען פול מיט יידן. פון דער באַן־סטאַציע ווערן די וואַגאָנען געריכטעט צום לאַגער, וווּ די יידן ווערן אויף אַ געהיימען אופן פאַרשווּנדן. דאָס זעלבע חזרט זיך איבער יעדן טאָג. אַנדערע ידיעות האָבן איבערגעגעבן וועגן יאָמערלעכע געשרייען און שיסערייען וואָס מען הערט פון לאַגער אַרויס ווייט אַרום.

ווו קומען אַהין די אַלע, וואָס ווערן פאַרפירט אין לאַגער אַריין? — לויט די געהיימע ידיעות, האָט זייער צאָל דאָרט שוין דערגרייכט שווערע טויזנטער. די צוריקפאָרנדיקע — אַמאָל ליידיקע און אַמאָל מיט זאַמד אָנגעפּילטע וואַגאָנען זענען געווען אַ באַווייז, אַז די יידן קומען־אום אויפן לאַגער־שטח.

אין יענע טעג האָבן יידישע צוואַנג־אַרבעטער, וואָס זענען געווען באַ־שעפטיקט אַרום סאָקאָלאָווער וואָקזאַל, דערזען צום ערשטן מאָל אַזעלכע טויט־צוגן. די געפונענע צעטעלעך, אַרויסגעוואָרפענע דורך די פאַרקראַטעוועטע פענצטער פון די טראַנספּאָרט־וואַגאָנען, וואָס זענען אַ ווײַלע שטיין געבליבן אויף דער סאָקאָלאָווער באַן־סטאַציע — האָבן צווויסן געגעבן, אַז מען פירט יידן אין וואַגאָנען פול מיט שטיקנדיקע כלאָריק־ריחות. אַזעלכע צעטעלעך האָבן די פאַרשפּאַרטע יידן אַרויסגעוואָרפן אויך אויף אַנדערע באַן־סטאַציעס, אָנ־רופנדיק נעמען פון די שטעט פון וואַנען מען פירט זיי. וויסנדיק, אַז דער וועג פון אַזעלכע טראַנספּאָרט-צוגן ענדיקט זיך ביי טרעבלינקע 2, איז די לאַגע פאַר אונז געוואָרן קלאָר. צווייפלען און נאָך פּרוון אָפּלייקענען די שוין איבער־צייגנדיקע פאַקטן, האָט געהייסן פאַרבינדן זיך אַליין די אויגן נישט אָנצוקוקן דאָס געשפּענסט פון טויט.

אין געטאָ האָבן אויפגעהערט די וויכוחים וועגן טרעבלינקער לאַגער, ערשט דעמאָלט, ווען ס׳האָבן זיך באַוויזן די ערשטע דורך אַ נס אַנטלאָפענע פון דאָזיקן גיהינום. זיי האָבן געגעבן דערציילט וואָס אין טרעבלינקער פאַר־ניכטונג־לאַגער ווערט אָפּגעטאָן, אַ שרעק און אַ האָפענונגסלאָזיקייט האָבן אַרומ־גענומען די סאָקאָלאָווער יידן.

# איבער פעלדער
# און וועלדער

מיטן אָנהויב ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ, איז געחתמעט געוואָרן דער גורל פון די יידן אין פּאָדליאַשע. אין יולי 1942 זענען טאָג־טעגלעך פאַר־בייגעלאָפן לאַנגע צוגן, אָנגעפּילטע מיט יידן, אויפן וועג קיין טרעבלינקע.

ווען דער וואַרשעווער גובערנאַטאָר ד״ר פישער, איז געקומען אויף אַ באַזוך קיין סאָקאָלאָוו, האָבן יידן דערפילט, אַז די ריי דערנעענטערט זיך אויף זייער שטעטל.

די דייטשע מושלים האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער שאָטן פון טרעבלינקע אַנטקעגן איבער דעם סאָקאָלאָווער געטאָ, קאָן נאָך אַמאָל צעשטערן זייער רו אין שטעטל. האָבן זיי אָנגעהויבן איינשלעפערן די יידן מיט „גוטע" צוזאָגן און „פאַרזיכערט", אַז די יידן אין סאָקאָלאָוו און אומגעגנט וועלן אויסמיידן דעם גורל פון זייערע ברידער פון אַנדערע מקומות.

אין דער זעלבער צייט ווען יידיש לעבן איז אָפּגעמעקט געוואָרן אין אַנדערע געגנטן פון פוילן, האָבן סאָקאָלאָווער יידן פלוצלינג דערפילט אַ פאַרלייכטערונג אין שווערן געטאָ־רעזשים. פאַרשידענע שפּייז־פּראָדוקטן האָבן אָנגעהויבן אַריינקומען אין געטאָ. יידן זענען אָן שטערונגען, אָן מורא פאַרן טויט, אַרויס אויף דער אַרישער זייט. דאָס געטאָ האָט אָפּגעאָטעמט מיט „קינסטלעכער לופט".

סאָקאָלאָווער יידן האָבן די צייט אויסגענוצט אויף אָנצובינדן קאָנטאַקטן מיט באַקאַנטע פּאָליאַקן אין די דערפער, אויף קאָלאָניעס. מען האָט געזוכט שוץ פאַרן לעבן אויף אַ נויט־פאַל. די פּאָליאַקן האָבן גערן אָנגענומען אַזעלכע פאַרשלאַגן פאַרן פּרייז פון איבערגעבן זיי קודם־כל דאָס יידישע פאַרמעגן אַלס לוין פאַר די צוגעזאָגטע באַהעלטענישן. אַזוי אַרום האָבן פיל יידן געשלאָסן געהיימע אָפּמאַכן, וואָס האָבן געדאַרפט זיין זייער רעטונג אין אַן עת צרה. די פּאָליאַקן, צוזעענדיק די אויסזיכטלאָזע און פאַרצווייפלטע לאַגע, האָבן געוווסט ווי אַזוי צו צערייצן די פאַנטאַזיע פון אַ צום־טויט פאַרמשפּטן ייד. זיי האָבן געגעבן פאַרשידענע הבטחות וועגן ספּעציעל־איינגעאָרדנטע אונטערערדישע בונקערס, וווהין די מערדער וועלן נישט דערגרייכן.

אָנהייב אויגוסט 1942 איז דאָס געטאָ געשטאַנען אויף דער וואַך. אַרום אָנגעפילטע רוק־זעק זענען גאַנצע משפחות, שכנים, קרובים, געזעסן אין די נעכט צוזאַמענגעשלאָסענע אין געמיינזאַמען גורל, גרייט צו אַנטלויפן איבער דער געטאָ־גרענעץ ביי די ערשטע סימנים פון אַן אַנקומענדיקער געפאַר. שומרים מיט וואַכעדיקע אויגן האָבן געקוקט פון באַהעלטענישן אַרויס אין דער נאַכט־טונקלקייט, טיף איבער די דראָטן־צוימען, צי דאָס געטאָ ווערט נישט באַלאַגערט דורך די מערדער.

דער קרייז־האַופטמאַן גראַמס און זיין געהילף ד״ר הערמאַן האָבן גוט געקאָנט די מלאכה פון לאַנגזאַם פאַרציען די פּעטליע אַרום האַלדז, מען זאָל זי דערפילן נאָר אין מאָמענט, ווען מען בלייבט הענגען אויפן שטריק. זענען די טעג און נעכט אין סאָקאָלאָווער געטאָ געווען איצט אַן יעדער געפאַר, וואָס זאָל באַדראָען דאָס יידישע לעבן. יידן האָבן טאַקע אַזוי אַרום נאָכגעלאָזט זייער געשפּאַנטע אויפמערקזאַמקייט, אויפהערנדיק צו וואַכן אין די נעכט.

די דייטשן האָבן אויפגעצוווּנגען, אַז דאָס לעבן אין געטאָ זאָל ווייטער אָנגיין נאָרמאַל, ווי פאַרן אויפקום פון טרעבלינקע. די לאַנגע קאָלאָנעס יידישע צוואַנג־אַרבעטער אין דער ריכטונג צו זייערע אַרבעטס־פּלעצער האָבן גע־דאַרפט ווייזן, אַז דער רעזשים אין געטאָ גייט אַן אין פולער אָרדענונג.

אין יענע טעג איז באַקאַנט געוואָרן ד״ר הערמאַנס אויפקלערונג, אַז די יידן־פאַרניכטונג וועט נישט זיין קיין אַלגעמיינע. דאָס לעבן בלייבן פון אַ שטעטל יידן וועט זיין אָפּהענגיק פון דער אָרטיקער דייטשער מאַכט. זי וועט קאָנען נעמען אין שוץ אירע יידן, אַלס וויכטיקן אַרבעטס־כוח. אויב די וואַרשעווער יידן ווערן פאַרניכטעט, איז דאָס, לויט ד״ר הערמאַנס „איבערצייגונג״, צוליב זייער שוצלאָזיקייט ביי די דאָרטיקע דייטשע מאַכט־אָרגאַנען, וועלכע האָבן די יידן נישט געהאַלטן פאַר נוצלעך. אַנדערש — האָט ד״ר הערמאַן „פאַר־געזען״ די לאַגע פון די יידן אין סאָקאָלאָוו און אומגעגנט — די יידן דאָ וועלן נישט בלייבן אַזוי הפקר, ווי אין אַנדערע שטעט אין פּוילן.

אין דער צווייטער העלפט אויגוסט איז דאָס געטאָ אויפגעטרייסלט גע־וואָרן פון די ידיעות פון די שטעטלעך מעזריטש און לאָשיץ. ביז מ׳האָט באַוויזן אויפצונעמען די נייע בליץ־געשעענישן, האָט ווי אַ דונער אָפּגעהילכט איבערן געטאָ דער חורבן פון שעדלעץ. דאָס איז געווען ווי אַ סיגנאַל פאַר סאָקאָלאָווער יידן צו אַנטלויפן פון געטאָ.

דעם 25טן אויגוסט האָבן סאָקאָלאָווער יידן ספּאָנטאַן זיך אַ לאָז געטאָן צו די געטאָ־דראָטן, אויפן וועג צו די פון פריער צוגעגרייטע לעכער. דורך אָפענע און באַהאַלטענע אַרויסגענג, מיט פּעקלעך אויף די פּלייצעס, מיט קליינע קינדער אויף די הענט, איבער פעלדער, איבער זאַמדיקע וועגן און שטעגן — איז מען געלאָפן נענטער צו אַ וואַלד, צו אַ באַהעלטעניש.

איבער די פּוסטע גאַסן פון געטאָ האָבן אַרומשפּאַצירט די דייטשישע מערדער. זיי האָבן אין די פאַרלאָזענע הייזלעך געזוכט די קרבנות, וואָס זענען

אַנטלאָפן פון זייערע נעגל. צו די זקנים, קראַנקע און קליינע צאָל נידערגע־שלאָגענע יידן, פאַרבליבענע אין געטאָ, האָבן זיי זיך נאָך נישט געוואָלט צורירן.

דער יודנראַט, מיט די יידישע פּאָליציי־לייט, פאַראייניזאַמטע אין פאַר־לאָזענעם געטאָ, האָבן אויסגעזעען, ווי אָפּגעשפּילטע אין זייער ראָלע צווישן יידן און דער דייטשישער קאָמאַנדאַ. דאָס געטאָ איז ליידיק.

דאָס אַנטלויפן פון די יידן האָט צעשטערט די פאַרניכטונגס־פּלענער פון די דייטשן אין סאָקאָלאָוו. לויט אַלע סימנים, האָט מיט איין מאָל געדאַרפט אויסגעראָטן ווערן אַלע יידן פון פּאָדליאַשע. די דייטשן זענען דעריבער געווען געצוווּנגען צו פאַרטראַכטן אַ נייע טאַקטיק, ווי אַזוי די אַנטלאָפענע יידן צוריק אַריינצוקריגן אין זייערע נעגל.

נאָכן אַנטלויפן פון די יידן, האָבן זיך אין סאָקאָלאָוו און אין אַלע אַרומיקע דערפער און קאָלאָניעס ביזן טייך בוג באַוויזן גרויסע פּלאַקאַטן מיט גרויסער שריפט, וואָס האָבן געמאָלדן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג וועגן אַ טויט־אורטייל פאַר יעדן איינעם פּאָליאַק, וואָס וועט אויסבאַהאַלטן, אָדער געבן די קלענסטע הילף אַ יידן. די סאָלטיסן פון די דערפער האָבן געדאַרפט שטיין אויף דער וואַך, אַז די דייטשישע פאַראָרדענונג זאָל דערגיין צו יעדן פּויער.

צעשפּרייט איבער פעלדער און וועלדער איז געלעגן דאָס שטעטל יידן צווישן געדיכט־באַוואַקסענע קוסטעס, אויף בוימער אין וואַלד, אין היי־בערגלעך, אין צעגראָבענע ערד־לעכער. ווי נאָר אַ באַהעלטעניש, וואָס האָט פאַרשטעלט די העלע טאָג־שיין — דאָרט האָבן יידן געזוכט שוץ פאַר זייער לעבן.

אין דעם ברייטן גויאישקן אַרום האָט געגליט די שנאה צום נאָמען ייד. קריסטן, אַליין געררודפטע, אונטערדריקטע פון די דייטשן, האָבן מיט גאָטס נאָמען אויף די ליפּן, געשלאָסן אַ בונד מיט די מערדער קעגן ייד.

גיריק נאָך „יידיש גאָלד" האָבן זיך אָרגאַניזירט רויבער־באַנדעס. זיי האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אין געיעג נאָך די אַרומבלאָנדזשענדיקע יידן, מיט שטעקנס און קיילער־מעסערס. צוהילף די פּוילישע רויבער זענען געקומען די אַנט־לאָפענע רוסן פון סוכאָזשעברער לאַגער און פון די וועלדער. זיי האָבן זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון רויבן אפילו ווינדעלעך פון פּיצעלעך קינדער אַראָפּ. בלויז יחידים פון די אַנטלאָפענע יידן האָבן אָנגעטראָפן אויף פּאָליאַקן מיט אַ מענטש־לעך געפיל, וואָס האָבן זיי געשענקט אַ שטיקל ברויט, אַ טרינק וואַסער, און אַמאָל אפילו אַ באַהעלטעניש. דאָס זענען אָבער, ליידער, געווען זעלטענע פאַלן.

די דייטשן האָבן געוווסט, אַז דאָס אַנטלויפן פון געטאָ איז אַ פאַרצווייפלטער שריט פון די יידן, וואָס זענען סיי ווי אויסזיכטלאָז אין גערעאַנגל. די דייטשן זענען אויך געווען איבערצייגט, אַז יעדער שפּאַן ערד אויסערן געטאָ איז פאַר יידישע פוסטריט ווי ברענענדיקע קוילן; אַז יעדע פּויערישע כאַטע איז ווי אַ וואַך־פּאָסטן צו פאַרשטעלן דעם וועג אַן אַנטלויפנדיקן ייד. איז נאָך וואָס זיך אַרומיאָגן מיט די צעשפּרייטע יידן איבער פעלדער און וועלדער, ווען די יידן אַליין וועלן זיך מוזן איבערגעבן צו דער שחיטה?

דייטשע שטראַף־עקספּעדיציעס פון זשאַנדאַרמעריע און זאָנדערדינסט־טרופּן האָבן דעמאָלט אַוועקגעקוקט אין אַ זייט ביים באַגעגענען אַן אַרומוואַנדערנדיקן ייד. זיי האָבן זיך געמאַכט נישט זעענדיק. אויך גראַמס, וואָס איז געווען באַגלייט פון אַ גרויסער מיליטערישער וואַך, ביי זיינע יאַגד־אויספלוגן, האָט דורך זיין לאַרנעטע „נישט דערזען" קיין איין אַרומבלאָנקענדיקן ייד...

אויך דער זשאַנדאַר לאַלעק, דער וואַמפּיר פון סאָקאָלאָווער געטאָ, האָט געמוזט אין די טעג איינשטעלן זיין דורשט נאָך יידיש בלוט.

דער דייטשער פאַרניכטונגס־פּלאַן איבערן שטעטל האָט אָנגעהויבן אָפּהאַלטן זיין ערשטן נצחון אין דעם מאָמענט, ווען ביי די אַנטלאָפענע יידן האָט זיך אָנגעהויבן אויסלאָזן דער זאַפּאַס עסן. די איינציקע שפּייז, וואָס איז געבליבן פאַר די יידן צו דערהאַלטן דאָס לעבן, זענען געווען די פאַרבליבענע רעשטן תבואה־זאַנגען אויף די פעלדער, בערגלעך קרויט־בלעטער, בוראַקעס, אַ מייער און אפילו רויע קאַרטאָפל.

נאָך צוויי וואָכן זיין אונטערן פרייען הימל, אין רעגנס, אין זומפּיקע בלאָטעס, באַוואַקסן, מיט שמוץ אויף די לייבער, האָבן אָנגעהויבן צוריקגיין אין געטאָ אַריין מענטשן מיט קליינע קינדער און קראַנק־געוואָרענע.

די ערשטע גרופּן, וואָס זענען דערגאַנגען אין פעלד אַריין פון די צוריקגעקומענע זענען געווען באַרואיקנדיקע. די אַנטלאָפענע יידן האָבן זיך דערוווסט, אַז דער יודנראַט איז טעטיק און האַלט־אָן אַ כסדרדיקן קאָנטאַקט מיט די דייטשן, וועלכע וווּנדערן זיך אויף די סאָקאָלאָווער יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן, גרינגשעצנדיק דערמיט די „פאַרזיכערטע שוץ" מצד דער דייטשער מאַכט.

דאָס ביוראָ פאַר יידישע ענינים ביי דער קרייז־האויפּטמאַנשאַפט האָט אַפּעלירט צו אַלע אַנטלאָפענע יידן צוריקצוקומען און איינשטעלן דאָס געטאָ־לעבן אויף נאָרמאַלע און סטאַבילע באַדינגונגען. די דייטשן האָבן אונטערגעשטראָכן זייערע „אויפריכטיקע כוונות" לגבי די סאָקאָלאָווער יידן מיט דעם פאַקט, וואָס קיין איין ייד איז נישט דערשאָסן געוואָרן צוליב אַנטלויפן פון געטאָ אַרויס. „און סיי־ווי איז דאָס גאַנצע שלעכטס שוין פאַריבער."

די דאָזיקע ידיעות זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען פון מויל צו מויל און דערגרייכט צו יעדן אָרט, ווו ס'האָבן זיך געפונען אַנטלאָפענע יידן.

אין די טעג פון ערב ראש השנה 1942 האָבן די אַנטלאָפענע היימלאָזע יידן, פיזיש און גייסטיק דערשעפּטע, באַרויבטע פון מוט און מענטשלעכער ווירדע, אויסגעהונגערטע און דאָרשטיקע — דורך היגטערשטאָטישע וועגן און שטעגן מאַסנווייז זיך צוריקגעקערט מיט אַ פאַרקלעמטער בענקשאַפט צו די אייגענע היימען.

# לעצטער יום-כיפור

אויסטערלישע טעג זענען געקומען אויף די יידן אין סאָקאָלאָווער געטאָ. אין פלוג האָט זיך געקאָנט אויסדאַכטן, אַז די געפאַר האָט נאָכגעלאָזט: מ׳זעט נישט מער קיינעם אויסער די וואַך־פּאָסטנס ביי די געטאָ־טויערן; דער געטאָ־קאָמאַנדאַנט האָט זיך באַוויזן אָן זיין גומי־נאַגייקע, און פאַרבייגעגאַנגען ווי קיינעם נישט צו באַמערקן; יידן זענען אומגעשטערט אַריבער די גרענעץ אויף דער אַרישער זייט און די שומרים האָבן אַוועקגעדרייט די קעפּ, זיך נישט ווײסנדיק געמאַכט. און דאָך — איז דאָס אַלץ געווען אויסטערליש פאַרדעכטיק. יעדער איינער איז געווען דורכגענומען מיט אַ טיפער שרעק, מיט אַ פּחד פאַרן קלענסטן גערויש, ווי אַ באַהאַלטענע סכנה וואָלט געלויערט אויף יעדן שריט, אין יעדן שאָרך. יעדער איינער האָט איצט געלעבט מיט דער שרעק פאַר דעם, וואָס עס איז געשען אין דער שכנותדיקער שטאָט שעדלעץ, וווּ ס׳איז נאָרוואָס אויסגעריסן געוואָרן דאָס יידישע לעבן.

אין די הוילע געטאָ־שטיבלעך האָבן זיך יידן געשושקעט אין דער שטיל, עס זאָל צו קיינעם הינטער דער טיר נישט דערגיין דער סוד — מ׳האָט אָנגעהויבן מאַכן פּלענער, ווי אַזוי צוצוגרייטן זיך געהיימע באַהעלטענישן.

נאַכט אין געטאָ. אַ געדיכטע פינצטערניש האָט זיך צעלייגט איבער די געסלעך, זיך אָנגעהאָנגען אויף די ווענט פון די שטיבלעך. אַ בייזער ווינט האָט געשמיסן מיט רעגן איבער די פאַרהאָנגענע פענצטער.

ביי פּסח שולצן אין שטיבל האָט זיך באַוויגן אַ מאַטע ליכט־שיין. דורך אַש־רושטן פון דער קאַלטער קוך האָט געבלאָזן דער ווינט פון דאַך, געטרייסלט דאָס פלעמל אין קליינעם נאַפט־לעמפּל; ס׳האָט אויסגעזען ווי עס וואָלט זיך געראַנגלט מיט דער חשכות אויף די ווענט.

רבקה, פּסחס ווייב, איז געלעגן אין בעט, אַרומגעהילט איר אויסגעדאַרטן גוף מיט דער פוכענער קאָלדרע. מיט דער וואַרעמקייט האָט זי געוואָלט איינ־שטילן דעם בייזן הונגער.

זינט דאָס געשפּענסט פון טרעבלינקע איז אַריינגעדרונגען אין געטאָ, האָט זיך רבקה מיט אַ מאָל פאַרענדערט. מען האָט דאָס דערקענט אין איר לשון, אין די טריט, אין איר אויסזען. איר העל־מילד פּנים איז פאַרצויגן געוואָרן מיט אַ פאַרטונקלטן אומעט. די בלויע שמייכלדיקע אויגן זענען פול געוואָרן מיט שרעק, ווי זיי וואָלטן געזען פאַר זיך אַ שרעקלעכן תהום. איר באַוועגלעכע פיגור האָט אָנגענומען אַ מידע שלאַבעריקייט, ווי אירע פערציק יאָר וואָלטן פלוצלינג פאַרגאַנגען אין זיקנה. עס האָט זי נאָר געהאַלטן די טיפע זאָרג פאַר אירע קינדער, וואָס זענען געווען אַזוי שטאַרק אויסגעשטעלט אויף דער מאַמעס הילף, זינט זייער פאָטער, פּסח, איז אַרויס פון שפּיטאָל מיט אַ געליימטער האַנט און געמוזט איינלייגן זיין שוסטער־וואַרשטאַטל.

ווען מען האָט אָנגעהויבן מאַכן באַהעלטענישן, זענען אירע עלטערע צוויי קינדער פאַרשלעפּט געוואָרן אויף צוואַנג־אַרבעט, ערגעץ־ווו אויף ווייטע אומבאַקאַנטע וועגן. געבליבן איז רבקה מיט איר יונגסט מיידעלע, רחלע.

די זיבן־יעריקע רחלע מיט די צוויי בלאָנדע צעפּעלעך איז געלעגן לעבן דער מאַמען אַן אומרואיקע. זי האָט זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער, נישט קענענדיק איינשלאָפן.

די לעצטע טעג האָט זיך רחלע שטאַרק איבערגענומען מיט איר מאַמעס פאַרענדערטן אויסזען, כאָטש די מאַמע האָט זי נאָך ווייטער געטרייסט, אַז די מלחמה וועט זיך אין גיכן ענדיקן און ווידער וועלן אָנקומען זאַטע טעג און רואיקע נעכט. אָבער רחלע האָט דערפילט, אַז הינטער די דאָזיקע טרוימען באַהאַלט זיך עפּעס אַ שרעק, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון יעדן ווינקל אין שטוב. רחלע האָט זיך באַקלערט, אַז אַלץ נעמט זיך פון דעם, פון וואָס די שכנים סודען זיך און היטן זיך אויס פאַר איר מיט אַ וואָרט. זי האָט זיך צו־געטוליעט צו דער מוטער און געפרעגט ווי פון שלאָף אַרויס:

— וואָס גראָבט מען אין קעלער?

רבקה אַן איבערגעוועקטע, האָט אַ ציטער געטאָן:

— שלאָף, מיין קינד און טראַכט נישט וועגן דעם.

רחלע האָט נאָך מער דערפילט, אַז מ׳באַהאַלט עפּעס אויס פאַר איר און געזאָגט אונטערן נעזל:

— נאָר מ׳סודלט זיך.

רחלעס נאָכקלערונגען האָבן רבקהן פאַרקלעמט ביים האַרצן. זאָל זי דעם קינד שוין דערציילן דעם גאַנצן אמת? אָדער נאָך צווואַרטן ביז די לעצטע שעה׳ן? שוין אייניקע מאָל ווי זי האָט באַשלאָסן רחלען צוצוגרייטן צו דעם וואָס עס דערוואַרט זיי און יעדעס מאָל איז איר אָטעם פאַרהאַקט געוואָרן, ווי עמיצער הינטער איר וואָלט געזאָגט: „לאָז דאָס קינד צו־רו נאָך אַ טאָג״. אָבער רחלע איז שוין מער נישט רואיק און רבקה האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז סוף־כל־סוף מוז זי איר דערציילן, וואָס דער טאַטע גראָבט אין קעלער.

רבקה האָט פאַרביסן די ליפּן, איינצוהאַלטן די טרערן.

איר האַנט האָט געגלעט רחלעס קעפּעלע. רחלע האָט אַלץ נישט געקאָנט איינשלאָפן. דער רעגן אין דרויסן מיט די וואָיענדיקע ווינטן, דאָס מאַטע ליכט־שיין אינעם קאַלטן שטיבל, דאָס גראַבלען אונטער דער פּאָדלאָגע, האָבן אָנגע־וואָרפן אויף איר אַ פּחד. ווי צו פאַריאָגן די שרעק האָט זי ווידער אַ פרעג־געטאָן מיט אַ ציטערדיק שטימעלע:

— פאַר וואָס זיצט דער טאַטע אַזוי לאַנג אין קעלער?

— דער טאַטע גרייט צו אַ באַהעלטעניש פאַר אונז. ווען די דייטשן וועלן קומען נאָך אונז, וועלן מיר זיך באַהאַלטן אין קעלער.

— ווהין ווילן די דייטשן אונז אַוועקנעמען? — האָט רחלע געפרעגט.

רבקה האָט אַריינגענומען דאָס קינד אין אירע אָרעמס, געטוליעט עס צו זיך. ווען זי האָט מיט איר וואַרעמען אָטעם פאַריאָגט דעם קינדס ציטער, האָט זי געזאָגט:

— די דייטשן ווילן אַלע יידן אויסהרגענען. ווען זיי וועלן קומען אונז זוכן, דאַרפן מיר גלייך אַראָפּ אין דעם באַהעלטעניש און ליגן אַזוי לאַנג, ביז זיי וועלן אַוועק. אָבער געדענק, מיין קינד, וועסט מוזן זיין שטיל, נישט רעדן, נישט הוסטן, און דער עיקר, נישט וויינען. ווען דו וועסט דערהערן, אַז די דייטשן גייען, זאָלסטו עפענען דאָס מויל, אַריינשטעקן אַ פאַרמאַכטע האַנט צווישן די ציין, אָט אַזוי!

רחלע האָט אַרויסגענומען פון איר אָפן מיילעכל דאָס איינגעביסענע פויסטל און געזאָגט:

— איך וועל נישט וויינען.

ווי אַ פאַרחלשטע האָט רבקה אַראָפּגעלאָזט איר קאָפּ אויף דעם קישן. זי האָט אָנגעשטעלט אירע פאַרגליווערטע בליקן אויף דער איבערגעהאָנגענער טיר, ווו דער פאָרהאַנג האָט זיך באַוועגט פונעם ווינט וואָס האָט געבלאָזן דורך די שפּאַרעס.

רחלע איז לאַנג, לאַנג געלעגן פאַרטראַכט נאָך דער מאַמעס רייד.

***

אין אַ ווינקל פון שטובן־קעלער איז געשטאַנען אַ נאַפט־לאָמפּ. אַ פּאָר־קאָפּטשעט ליכט־שיין האָט זיך געקלעפּט אויף די שוואַרצע ערדענע ווענט.

אין מיטן קעלער איז געשטאַנען פסח שולץ. איינגעבויגן זיין שמאָל־קורצן גוף, ווי ביי אַ נישט דערוואַקסן יינגל. דאָס איינגעשרומפּענע פּנים מיט די טיפע קנייטשן, צייכנס פון די הונגעריקע געטאָ־טעג, אַראָפּגעהאָנגען איבער דער צעגראָבענער ערד. ער האָט מיט אָנגעשפּיזטע אויגן אויסגעמאָסטן די לענג און ברייט פון קעלער. נאָך אַ ישוב־הדעת האָט ער זיך אָנגערופן, אויסציענדיק זיין געליימטע האַנט:

— אָט, א דאָ וועט מען שטעלן די וואַנט, אָפּצוטיילן דאָס באַהעלטעניש פון שטובן־קעלער.

דער קאַלישער פּליט שלמה, אַ שכן אין פּסחס הייזל, האָט אויף אַ ווײַלע אויפגעהערט קנעטן דעם ליים. ער איז געבליבן זיצן מיט זײַן ברייט־בייניקן גוף אויף די איינגעבויגענע פיס, האָט אויסגעדרייט דאָס פּנים מיט די צוויי שפּיציקע קינבאַקן, צעפינטלט די אויגן און געענטפערט מיט אַ נישט־איינ־שטימיקן טאָן:

— די וואַנט דאַרף מען שטעלן נעענטער צו מיר, דאָס באַהעלטעניש זאָל אַרויסקומען אַביסל גרעסער. פאַרגעסט נישט, צען נפשות!

— הלוואי זאָל נישט צוקומען צו דעם, אָבער ז י י ווייסן גוט ווי גרויס עס דאַרף זײַן אַ שטובן־קעלער. דאָס מוז מען גוט גדענקען! — האָט פּסח געזאָגט מיט אָנדייטונג.

שלמה האָט געזוכט אַ פּשרה:

— זאָל מען הערן וואָס בונעם זאָגט.

בונעם, אַ לאָדזשער פּליט, וואָס האָט געוווינט מיט זײַן ווייב און קינד אין פּסחס קוך, איז אַוועק אָנטראָגן די אָנגעזאַמלטע ציגל פון בוידעם. די קלאַפּע האָט זיך צעעפנט און בונעם האָט אַראָפּגעלאָזט אַ פולן קויש ציגל. ביידע האָבן אָפּגעוואַרט ביז דער קעלער האָט זיך פאַרמאַכט.

— זאָגט, בונעם, ווי דאַרף מען שטעלן די טאָפּעלע וואַנט?

דער שוואַרצהאַריקער בונעם מיט די פאַרחלומטע אויגן אין זײַן בלייך־פאַרטרוקנט פּנים, האָט נאָך אַ ווײַלע זיצן אַ שווערסאָפּעדיקער אויפן קויש ציגל, זיך געלאָזט לאַנגזאַם אויף אַלע פיר איבערן קעלער. אויסגעטאַפּט מיט די אויגן יעדן שפּאַן ערד און זיך אָפּגעשטעלט פאַרטראַכטערהייט אויף אַן אָרט. ער האָט אַ וויַיז־געטאָן אויף דער ערד מיטן פינגער, נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט.

— אַזוי איז ריכטיק! — האָט שלמה איבערגעהאַקט דאָס שווייגן פאַר־שטייענדיק וואָס דער צייכן באַדייט — וואָס גרעסער דאָס באַהעלטעניש אַלץ מערער לופט. מיר, דערוואַקסענע, מוזן האָבן כוח איבערצוטראָגן די שווערסטע מינוטן אפילו אין אַ ווינקל, אָבער די קינדער, די קינדער! מײַן פיר־יאָריק אסתרל. ווי אַזוי גיט מען איר איבער דעם סוד פון באַהעלטעניש?

שלמהס ווערטער האָבן ווי געליימט בונעמס הענט. אומבאַוועגלעך איז ער שטיין געבליבן מיט דער לאָפּעטע איבערן שמאָלן צעגראָבענעם לאָך. ער האָט אויסגעדרייט זײַן פּנים מיט די פאַרבלאָטיקטע שוויס־פּאַסן צו דער גלייכער שורה ציגל, וואָס האָט אָנגעהויבן פונאַנדערצוטיילן דעם קעלער אויף צוויי העלפטן.

— אַ פיר־יאָריק קינד קאָן מען שוין עפּעס געבן צו פאַרשטיין, אָבער, — בונעם האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן — וואָס זאָל איך טאָן מיט מײַן האַלב־יאָריק קינד?

פּסח האָט אַ זייטיקן קוק געטאָן אויף בונעמען:

— דעם אמת־געזאָגט, הלוואי זאָל מען דאָס נישט באַדאַרפן, האַלט איך,

אַז אין באַהעלטעניש דאַרפן אַריין נאָר אַזעלכע, וואָס קאָנען אָפּהיטן די שטיל־קייט. יעדער מינדסטער שאָרך קאָן אויף אונז, גאָט זאָל אויסהיטן, ברענגען אַן אומגליק.

פסחס ווערטער האָבן בונעמען אַ ברי געטאָן:

— איר, אַ טאַטע פון קינדער, זאָלט אַזוי רעדן? וואָס זאָל איך טאָן מיט מיין עופהלע?

פסח, מיט דעם לאָמפּ אין האַנט, צוליכטנדיק אויף יעדן אַרויפגעלייגטן ציגל, האָט גוט געוווסט, אַז דער ענין איז נישט נוגע בלויז בונעמען, נאָר אַלע שכנים פונעם הייזל. ער האָט פרובירט זוכן אַן אויסוועג:

— גיט צו פאַרשטיין אייער פרוי, אַז איר מוזט זיך דערוויסן וועגן גויים מיט אַ מענטשלעך האַרץ, אפשר וואָלט ווער פון זיי דאָס קינד גענומען צו זיך.

שלמה האָט אַרומקראַצנדיק זיינע פינגער פון ליים, אויסגעגלייכט דעם רוקן און זיך אָנגערופן אַן אויפגערייצטער:

— ווו געפינט מען דאָ אַ פּאָליאַק מיט אַ מענטשלעך האַרץ? נישט אומזיסט האָבן מיר דאָ טרעבלינקע הינטער דער נאָז.

בונעם, וואָס איז געבליבן זיצן לעבן בערגל ערד אין פינצטערן ווינקל, האָט געלאָזט שטעקן די לאָפּעטע אין אויסגעגראָבענעם לאָך. די ווערטער וועגן זיין קינד האָבן זיך אים געשפּאַרט אין מויל אַריין:

— איר ווייסט, שוין טעג און נעכט ווי די איינציקע זאָרג אונזערע איז ווי צו ראַטעווען דאָס קליינע עופהלע. אויף לאַנגע שעה׳ן פלעגט מיין ווייב זיך אַרויסגנבענען פון געטאָ און אָנגעקלאַפּט אין אַ סך קריסטלעכע טירן אָבער — אומזיסט. יעדעס מאָל נאָך אַזאַ גאַנג איז זי אַהיימגעקומען אַ צעבראָכענע, ביז שפּעט אין דער נאַכט אָפּגעזעסן איבערן קינדס וויגל און געוויינט. דאָס לעצטע מאָל איז זי אַוועק צו אַ קינדערלאָזן פּויליש פּאָרפּאָלק, וואָס האָט שוין געהאַט איינגעשטימט צו נעמען דאָס קינד צו זיך. עס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און זי איז פון זיי געקומען צו לויפן אַהיים און האַסטיק זיך אַ שליידער געטאָן אויפן בעט מיט אַ פאַרשטיקט געוויין. דאָס איינציקע, וואָס זיי האָבן געוואָלט טאָן פאַר אונז, איז, אַז מיר זאָלן ביי זיי אויסבאַהאַלטן ווערט־זאַכן.

נאָך בונעמס רייד האָט אין קעלער אָנגעהאַלטן אַ שטילשוויגן ביז עס איז געלייגט געוואָרן דער לעצטער ציגל. פסח האָט אָנגעשטעלט די שיין אויף דער נאָרוואָס אויסגעמויערטער וואַנט און געזאָגט:

— דער אויבערשטער זאָל זיין דער היטער.

*

אין פסחס חדר האָט געהערשט אַ טיפע נאַכט־שטילקייט. זיין ווייב און קינד זענען געווען פאַרזונקען אין שלאָף. דער ווינט האָט מיט גערויש יעדע ווילע אַ טרייסל געטאָן דעם לאָדן.

פסח, שלמה און בונעם זענען געזעסן אַרום דעם אַראָפּגעדרייטן נאָפּט־לאָמפּ ביים טיש, איינגעטוליעט די קעפּ אין די אויפגעשטעלטע קעלנער.

בונעם, אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אויף דער האַנט, האָט ווי פון שלאָף־אַרויס גערעדט:

— די נאַכט פאַרגייט און מ׳זעט נישט און מ׳הערט אים נישט.

— אָן אים איז אויס באַהעלטעניש — האָט שלמה געענטפערט.

פסח, מיט דער שטייפער האַנט איבערן גלעזל פון לאָמפּ, האָט אַ זאָג געטאָן:

— זייט זיכער! אויב ער האָט מיר צוגעזאָגט צו קומען היינט ביינאַכט, איז זיין וואָרט פונקט ווי געשווירן.

— ניין, אַזוי שפּעט ביינאַכט אין געטאָ הייסט איינשטעלן דאָס לעבן.

פסח האָט, אַרויסציענדיק דעם קאָפּ פון צווישן די אַקסלען, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט ווי אויף צו פאַרטרייבן בונעמס ספקות:

— גראָד אין אַזאַ צייט, קויפט זיך דער זקן די גאַנצע וועלט מצוות. גאַנצע נעכט איז ער וואַך. וואַנדערט אַרום ווי אַ שאָטן, שאַרענדיק זיך ביי די ווענט פון הויז צו הויז, אויף בוידעמס און קעלערס. ווי נאָר אַ באַהעלטעניש, מוז ער צולייגן זיינע אַלטע סטאָלאַרסקע הענט. איך האָב געהערט אויפן אויער דער־ציילן — האָט פסח אַ זאָג געטאָן סודות־פול — אַז זיינע געהיימע טירלעך האָבן אַזעלכע געקינצלטע איינפאַלן, אַז ווען די מחבלים וועלן זיך שטעלן אויף די קעפּ וועלן זיי נישט דערקענען דאָס באַהעלטעניש. און ווי מ׳דערציילט, וויל ער גאָרנישט נעמען קיין געלט פאַר אַזאַ אַרבעט. אָט דאָס הייסט זיך איינקויפן עולם־הבא אויף דער עלטער.

שלמה האָט זיך צוגעבויגן צו פסחן:

— וועט מען טאַקע זען, וואָס פאַר אַ געהיימען אַריינגאַנג ער וועט דאָס אויסקלערן צו אונזער באַהעלטעניש. וויפל איך האָב שוין געפּלאָנטעט, קוקט דאָס מיר אויס עפּעס פאַרדעכטיק. אין אַזאַ פינצטערניש זאָל ער נאָר דער־טאַפּן אונזער הייזל.

— צווישן אונז זאָל עס בלייבן, דאַרף ער איצט זיין דאָ נישט ווייט. פון משה פּיעקאַרסקיס הויז האָב איך נעכטן ביינאַכט געזען אַרויסטראָגן אויפן פּעלד זעק מיט צעגראָבענער ערד. און יעקב לייב, דער שוסטער, האָט זיך אויך היינט געסודעט מיט אים.

אין מיטן רעדן האָט פסח אַ ציטער געטאָן, אַוועקכאַפּנדיק ביידע הענט פון לאָמפּ. אַלע האָבן אָנגעשפּיצט די אויערן צו דער דרויסנדיקער טיר, ווו די הילצערנע שטאַבע, פאַרזעצט אין צוויי אייזערנע אויערן, האָט אַ קרעכץ געטאָן.

— דער ווינט האָט אַ שפּאַר־געטאָן די טיר.

— ניין, ס׳איז נישט דער ווינט, מ׳קלאַפּט ווידער.

ווען בונעם האָט נאָך מער אַראָפּגעדרייט דעם לאָמפּ, האָט זיך דאָס קלאַפּן אַריבערגעטראָגן צום פענצטער.

— ווער איז עס? — האָט פסח שטיל געפרעגט.

— איך האָב דאָך דיר צוגעזאָגט צו קומען — האָט זיך דערהערט פון יענער זייט לאָדן.

❦

פון הינטער דער פאַרהאַנגענער טיר האָט זיך באַוויזן מיט שווערע טריט ר׳ יאַנקל רחל-הינדעס, אַ הויכער, מיט ברייטע פּלייצעס, אין אַ לאַנגן כאַלאַט. ער איז שטיין געבליבן אַנגעלענט אויף אַ שטעקן אַ שוועך-סאַפּענדיקער און אָנגעשטעלט צו די דריי יידן אַנטקעגן אים דאָס געדיכט-באַוואַקסענע פּנים מיט דער שפּיציקער גראָער באָרד. אַריבערקוקנדיק איבער דיברילן אויף דער שפּיץ נאָז האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַ הייזעריקער שטים:

— אַ גוטן אָוונט איך, יידן!

— זיצט ר׳ יאַנקל. גאָט צו דאַנקען, וואָס מען זעט אייך שוין. אַזוי שפּעט ביינאַכט אין געטאָ היינטיקע צייטן.

ר׳ יאַנקל האָט זיך לאַנגזאַם אַראָפּגעלאָזט אויף דער שטול, אַ וויש געטאָן איבערן צעקנייטשטן שטערן. ער האָט צעשפּיליעט דעם כאַלאַט, אַרויסגעצויגן פון אונטערגעגאַרטלטן בוזעם אַ קורץ האַנט-זעגל, אַ העקל, אַ האַמער, אַ צווענגל און פולע הענט מיט אייזערנע נעגל. פון די הויכע שטיוול-כאַלעוועס האָט ער אַרויסגעצויגן אַ הילצערנע מאָס, דאָס אַלץ אויסגעלייגט אַרום זיך און גע־ענטפערט:

— אויף די וועגן, פון וואַנען איך קום איצט, איז דער וואָס איז איבער אונז — מיין היטער!

— אַ קלייניקייט, העלפן ראַטעווען יידישע לעבנס פון אַזאַ געפאַר! ס׳איז דאָך גאָרנישט אָפּצושאַצן דעם שכר פאַר אַזאַ זאַך!

— זאָל אייך גאָט באַצאָלן.

דער אָרעמער, גוטמוטיקער פּסח האָט מיט שטילע טריט געשפּרייזט איבערן צימער און פלוצים שטיין געבליבן אַ צעטראָגענער, ווי ער וואָלט נישט פאַר־שטאַנען וואָס דאָ טוט זיך:

— איז טאַקע צו גלויבן, אַז אונזער וועלט גייט שוין, חלילה, אונטער? ס׳איז דאָך גאָרנישט צו פאַרשטיין מיטן פּשוטן שכל. זענען דאָך שוין געווען אַ סך צרות אויף יידן; נו, האָבן יידן תהילים געזאָגט, תפילה געטאָן ביז גאָט האָט געהאָלפן, אָבער איצט?

ר׳ יאַנקל האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און שטראָפלעך געזאָגט צו פסח׳ן:

— מ׳טאָר נישט פרעגן קיין קשיות ביים רבונו של עולם, אפילו ווען די צרות זענען גרויס. יידן מוזן האָבן בטחון! און דווקא אין אַזאַ עת־צרה טאָר מען נישט פאַרלירן די אמונה. וואָס קאָנען מיר פאַרשטיין, וואָס עס טוט זיך איצט אויף דער וועלט? דריי און אַכציק יאָר האָב איך דעם וואָס איז איבער אונז קיין קשיות נישט געפרעגט און וועל ווייטער נישט פרעגן!

— טאַקיש יאָ, ר׳ יאַנקל, איר זענט גערעכט! — האָט פּסח זיך אויפגעמונטערט — אַ ייד טאָר נישט פאַרלירן דעם בטחון. אָט, זעט איר, דער קאָפּ פאַרדרייט זיך אין אַזאַ צייט. און גראָד היינט האָב איך געהערט וואַזשנע נייעס. מ׳זאָגט, אַז דער פּרעזעס האָט שוין אַ דערלויבעניש צו דאַווענען יום־כיפּור בציבור און דער קרייז־האופּטמאַן אַליין האָט פאַרזיכערט, אַז אַלע יידן פון געטאָ וועלן גיין אַרבעטן.

— שלאָף, שלאָף רואיק, דאָס איז ר׳ יאַנקל צו אונז געקומען! — האָט פּסח אַ זאָג געטאָן אין דער זייט צום בעט, וווּ זיין ווייב האָט אַ פאַרשלאָפענע אויפגעהויבן איר קאָפּ.

— זאָלן אונז אָנגעזאָגט ווערן גוטע בשורות — האָט רבקה געזאָגט, איינגראָבנדיק זיך צוריק אין קישן.

פון איבער די ווענט פון פּסח׳ס צימער האָט מען דערהערט אַ דרייען זיך אין די בעטן. אין חדר איז געוואָרן שטיל, ווי אויף אַ בית־עולם. יעדער איינער איז שטיין געבליבן שווייגנדיק. דער איינציקער סימן פון לעבן פון די פאַרשטאַרטע גופים זענען געווען די אויגן, וואָס האָבן געקוקט מיט מורא טיף אין די גאַסן פון געטאָ, פון וואַנען עס האָט זיך פּלוצלינג דערהערט אַן אָפּהילך פון פאַרצווייפלטע געשרייען.

— דאָס מוז זיין פון דער אַנדערער זייט — האָט פּסח אַרויסגערעדט אין דער שטיל, אַראָפּדרייענדיק דעם לאָמפּ.

מיט אַ מאָל האָבן זיך אַלע אויפגעריסן פון די ערטער. יעדער איינער האָט גענומען זוכן אַ פינצטער ווינקל דעם קאָפּ צו פאַרשטעקן. די נאַכט־שטילקייט איז צעשניטן געוואָרן פון פאַרשטיקטע געשרייען און יללות, אין שכנות פון פּסחס הייזל.

פון די שכנותדיקע צימערן זענען אַריינגעפאַלן ווייבער מיט קינדער אויף די הענט. מיט אַ פינגער אויף די ליפּן האָט שלמה אָנגעדייט צו זיין שטיל.

שיכורע קולות און אויפגעבראָכענע טירן אין דרויסן האָבן פאַרשטופּט אַלע שטוביקע אין ווינקל צווישן דער שאַנק און דער וואַנט.

אינסטינקטיוו האָבן די אויגן געזוכט אין דער פינצטער אַ באַהעלטעניש.

—עס הייבט זיך שוין אָן! — האָט אימיצער אַ זאָג געטאָן.

איבערן געטאָ איז פּלוצים ווידער שטיל־געוואָרן. טויט־צעשראָקענע זענען אַלע אַרויס פון ווינקל. פּסח האָט אַרויסגעזאָגט:

— אָפּגעקומען, דאַנקען גאָט, בלויז מיט שרעק.

— מען דאַרף וואָס פריער צוענדיקן דאָס באַהעלטעניש — האָט בונעם געזאָגט.

ר׳ יאַנקל, וואָס איז נאָר־וואָס אַרויס פון ווינקל, האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס מיינט מען אים. האָט ער אַ פּאַכע געטאָן אין דער לופט מיט אַן אויסגעצויגענער האַנט אין דער זייט צו די ווייבער, וואָס האָבן זיך געשושקעט אין דער שטילקייט, נאָך דער איבערגעלעבטער שרעק:

— געגאַנגען שלאָפן!

ווען די ווייבער מיט די קינדער זענען אַרויס, האָט ר׳ יאַנקל געזאָגט:

— מיין פּלאַן איז אויסצושניידן אויבן אין שטוב דעם רעכטן ווינקל פּאָד־לאָגע, ביים פענצטער, און פון דעם מאַכן אַ טירל אין באַהעלטעניש אַריין. דעם שניט וועל איך מאַכן נאָר אין איין אָרט איבער די ברעטער, די אַנדערע זייט וועט אַריין אונטער די וואַנט־לייסטלעך. איבער דעם טירל וועלן מוזן שטיין די בעטן. און די שעה זאָל קיין שעה נישט זיין, אויב איר וועט דאָס דאַרפן באַנוצן, וועט איר דורכן בעט מוזן אַריין אין באַהעלטעניש; אָבער דער לעצטער וועט נישט טאָרן פאַרגעסן אויסצוגלייכן דאָס בעט און צו פאַרמאַכן איבער זיך דאָס טירל.

ר׳ יאַנקל האָט די יידן דערציילט, וויפל כוחות ער האָט אַוועקגעגעבן ביים אויפבויען די שטאָט נאָך אַלע ווילדע שרפות. וואָסערע הייזער ער האָט אויפ־געשטעלט. ער האָט דערמאָנט די גרויסע פּאָלקס־שול אויף דעם קופּיענטינער וועג, ווו הונדערטער שטאָטישע קינדער האָבן זיך געלערנט, און די גרויסע שול מיט דעם פּיר־זייליקן באַלעמער און ארון־קודש מיט די געקינצלטע שניצערייען, די שטאָטישע מקווה, און דעם נייעם בית־המדרש — — —

ווען די צוגעשניטענע ברעטער זענען צוזאַמענגעקלאַפּט געוואָרן, לויט דער מאָס פון טירל, האָט ר׳ יאַנקל אַראָפּגעהאָנגען דעם לאָמפּ אין דעם אויסגע־שניטענעם לאָך אַריין. דאָס באַהעלטעניש איז געווען פאַרטיק.

ר׳ יאַנקל, וואָס איז געבליבן איבערנעכטיקן אויף פּסחס געלעגער, האָט זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער. דער גאַנצער שווערער געטאָ־טאָג מיט די נאַכט־איבערלעבענישן האָבן אים נישט געלאָזט איינשלאָפן.

ער האָט אַ ציטער געטאָן, ווען זיינע מחשבות זענען דערגאַנגען צו די איצטיקע טעג פון ערב יום־כיפור אין געטאָ. דער נייער בית־המדרש איז פול מיט דריי־שטאָקיקע בעטן. איבערן באַלעמער איז אויסגעהאָנגען דאָס ביסל אָרעמקייט פון די יידישע פליטים.

— וואָס טוט זיך דאָ? די דייטשן גייען אונז אַלע אויסהרגענען?

— אויסהרגענען?!

— ניין! דאָס מוז מען פאַרטרייבן פון דער מחשבה. דאָס הייסט, בלייבן חלילה אָן בטחון, אָן גאָט!

ר׳ יאַנקל האָט אויסגעגלייכט די יאַרמלקע אויפן קאָפּ, זיך איבערגעדרייט מיטן פּנים צום פענצטער, ווו דער פרימאָרגן האָט זיך געשפּאַרט דורך די שפּאַלטן פון לאָדן אין פּסחס שטוב אַריין.

באַלד האָט ער זיך אויפגעהויבן פון געלעגער, צוזאַמענגענומען זיין אַרבעטס־געצייג, אַ קוש געטאָן די מזוזה, און איז אַוועק איבער די געסלעך אין געטאָ, מיטנעמענדיק מיט זיך ברכות פון אַלע שטוביקע.

***

...ערב יום־כיפור פאַרנאַכט.

איבערן געטאָ איז געהאָנגען אַ טונקל־בלויער הימל מיט די ערשטע שטערן פון דער אָנקומענדיקער כל־נדרי־נאַכט.

ביי די פענצטער הינטער די ווייסע פוירהענגלעך זענען געשטאַנען יידישע פרויען און דורך די מיט די הענט פאַרדעקטע פנימער, אויסגעוויינט תפילות איבער די געצונדענע ליכט.

פון די ליידיקע גאַסן האָבן אָפּגעהילכט איילקע טריט פון יידן מיט טלית־זעקלעך אונטער די אָרעמס.

אין שטיבל ביי פסח שולצן איז געשטאַנען זיין ווייב רבקה ביי ליכט־בענטשן אין אירע יום־טובדיקע קליידער. דאָס בלאַסע פנים איינגעגראָבן אין די הענט. אַ שטיל פאַרשטיקט געוויין איז זיך צעגאַנגען פון אַרום די געצונדענע ליכט איבער דעם יום־טובדיק אויפגערוימטן חדר. פסח, מיטן טלית־זעקל אונטערן אָרעם, איז געשטאַנען ביי דער טיר און געפילט עפּעס אַ שטיקעניש אין האַלדז. אַלע יאָרן אין דער צייט פלעגט ער אַ זאָגער, אַ יום־טובדיקער, ווונטשן אַ גוט יאָר זיין ווייב און קינדער. איצט אָבער פילט ער ווי זיין געדאַנק איז פאַרטונקלט און אין האַרצן איז אַזוי טרויעריק. שווער אַרויסצוברענגען אַ וואָרט אויף די ליפּן. שווייגט ער מיט אַ פאַרביסן מויל און מיט אויגן פול מיט רחמנות, גלעט ער זיין רחלען מיט די אויסגעפלאָכטענע צעפּעלעך און אויסגעצוואָגענעם קעפּעלע.

רבקה, ווי זי וואָלט דערפילט איר מאַנס פאַרקלעמט האַרץ, האָט זיך אויסגעדרייט און אַריינגעוויינט אין טיכל:

— מיר זאָלן דערלעבן איבער אַ יאָר!

פסח האָט אַ שטומען שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, געקושט די מזוזה און איז אַוועק מיט שלאַבעריק פאַרחלשטע טריט צו כל־נדרי.

ביי שלמה ראובן, דעם שניט־קרעמער, זענען יידן געשטאַנען אַרום די צונויפגערוקטע טישן, פאַרוואָרפן די טליתים איבערן קאָפּ ביזן האַלבן פנים.

ביים עמוד איז געשטאַנען דער אַלטיטשקער ר׳ משה פּיעקאַרסקי. זיין איינגעהויקערטער גוף האָט זיך געוויגט איבערן עמוד. ווען ער האָט אויפגעהויבן זיין געל פאַרמעט פנים מיט דער שניי־ווייסער באָרד צו די וואַקסענע ליכט, האָט זיך דערהערט זיין ציטעריק צעצויגן קול „כל נדרי״. מיט צעבראָכענע הערצער און פאַרשטיקט געוויין האָבן די מתפללים נאָכגעזאָגט וואָרט ביי וואָרט: כ־ל נ־ד־ר־י...

**

...מוצאי יום־כיפור.

ביי פסח׳ן אין שטיבל האָבן נאָך געברענט די ליכט אין די צוויי מעשענע לייכטער אויפן טיש.

— אַ גוט יאָר! אַ גוט יאָר! — האָט פּסח אַן אויפגעהייטערטער הויך געזאָגט אַריינקומענדיק אין שטוב אַריין.

— מ׳זאָל האָבן אויסגעבעטן יאָרן צום לעבן — האָט רבקה געענטפערט.

אַרומגערינגלט מיט זיינע בני־בית, האָט זיך פּסח געפילט געשטאַרקט אין די האָפענונגען, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון יום־כיפור דאַווענען.

— ברוך השם, אַדורך אַ רואיקער יום־כיפור, האָט ער אַ זאָג געטאָן.

רחלע האָט נאָכגעקוקט מיט פרייד־קע אייגעלעך, ווי דער טאַטע מאַכט די „המוציא" איבערן קיילעכדיקן לעבל שוואַרצן ברויט; ווי די מאַמע טראָגט איר אונטער אַ שיסעלע געקעכץ. אַלע זענען געזעסן איבער צעפּאַרעטע קאַר־טאָפל און געשטילט זייער הונגער נאָכן תּענית.

אַ שטילע לבנה־נאַכט איז געליגן איבערן געטאָ.

אין גראָען פאַרטאָג האָבן יידן זיך אויפגעריסן פון די געלעגערס. אַ קנאַלעריי פון ביקסן־שאָסן האָט אָפּגעהילכט איבערן געטאָ, זיך צעטראָגן אַרום יעדן הייזל.

פּסח איז צוגעלאָפן צום פענצטער. ער האָט דערזען אין גאָרטן ביים דראָטן־צוים אויסערן געטאָ מיליטערישע פּאַטראָלן. אַ טייל האָט געשאָסן אין דער לופטן, אַנדערע האָבן געצילט דורך די דראָטן אין געטאָ אַריין.

אין די שכנותדיקע הייזלעך האָבן אין אַנגעלענטע טירן זיך באַוויזן צע־שראָקענע יידן, זיי האָבן אַ קוק געטאָן צו דער געטאָ־גרענעץ און זיך שנעל צוריקגעצויגן.

די שכנים פון הייזל זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן האַלב־נאַקעטע אין פּסח׳ס צימער. מיט פאַרבראָכענע הענט און פאַרביסענע ליפּן, מיט הילפלאָזיקייט און פאַרלוירנקייט אויף די פּנימער.

שלמה איז אַראָפּגעקראָכן פון בוידעם. אַלעמענס אויגן, פול מיט טויט־שרעק, זענען געבליבן אָנגעשטעלט אויף אים ווען ער האָט באַפוילן:

— נישט וויינען, נאָר רואיק אַראָפּגיין אין באַהעלטעניש!

מענטשן האָבן אָנגעהויבן אַרומשפּאַנען צעטומלטע, מיט די הענט זיך גע־כאַפּט פאַר די קעפּ: וויי איז צו אונז! אַ סוף צום לעבן! אַ סוף צום לעבן!

שלמה האָט געדופן:

— פאַרלירט נישט די געדאַנקען! יעדע מינוט קאָנען די מערדער אַריינ־קומען אין געטאָ און דאַן זענען מיר פאַרלוירן!

אַלע האָבן געקוקט אויף אים, ווי אויף זייער איינציקן רעטער.

— אַלע זאָלן זיך אָנטאָן טאָפּעלע מלבושים, מיט אַביסל שפּייז אין די הענט זאָלט איר אין געציילטע מינוטן זיך צונויפזאַמלען דאָ אין צימער! — האָט ער באַפוילן.

רבקה איז צו צו דער שאַנק. געפּלאָנטערט מיט אירע הענט צווישן די קליידער. אַ צעטומלטע האָט זי געזוכט און נישט געוווּסט וואָס פריער צו נעמען. ווען זי האָט באַרירט רחלעס קליידלעך איז זי געפאַלן אין אָנמאַכט.

ווען זי איז צו זיך געקומען, האָט זי ווי דורך אַ נעפּל דערזעען עפּעס אַזאַ פּוסטקייט אַרום זיך. זי האָט געפּילט, ווי אירע פּיס טרעטן אויף אָנגעוואָרפענע שמאַטעס, ווי מ׳פירט זי אונטער די אָרעמס, ווי מ׳לאָזט זי אַראָפּ אין עפּעס אַ פינצטערן אָפּגרונט און מ׳לייגט זי דאָרט אויף אַ שעניק. אין דער געדיכטער פינצטערניש פון קעלער האָט זי דערפילט רחלעס אויסגעשטרעקטע הענטעלעך און — מאַמע און קינד האָבן זיך געמונטערט מיטן לעבעדיקן אָטעם.

אין פּוסטן שטיבל אויבן איז נאָך פאַרבליבן שלמה אַליין. מיט אייליקע טריט האָט ער געשפּאַנט פון איין ווינקל צום צווייטן, געכאַפּט פּעקלעך בעט־געוואַנט, מלבושים, פלעשער וואַסער און אַראָפּגעלאָזט אין באַהעלטעניש. ער איז אַרומגעלאָפן אין די שכנותדיקע צימערן, אויפגעפּראַלט די טירן, אַרויס־געצויגן פון די צעעפנטע שענק די איבערגעבליבענע זאַכן. דערנאָך האָט שלמה זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַן אונטערגעשטעלט בענקל אין אָפּענעם לאָך, אויס־געגלייכט איבער זיך דעם שעניק אין בעט, פאַרמאַכט דאָס טירל פון באַהעל־טעניש און אַלע זענען געבליבן אין דער פינצטערניש.

אין דרויסן, אויף די גאַסן פון געטאָ איז אויסגעבראָכן אַ בהלה. יידן וואָס האָבן נישט געהאַט ווו זיך אַהינצוטאָן, זענען אַרומגעלאָפן ווי זיי וואָלטן פון זינען אַראָפּ, מיט פּעקלעך אויף די רוקנס און מיט קליינע קינדער אויף די הענט.

אויסגעשטרעקטע לופעס צווישן די דראָטן האָבן זיי געוואָרנט:

— נישט אַרויסגיין!

נײַן אין דער פרי האָבן זיך איינגעשטילט די שיסערייען. דער הויפּט־שטורעם־באַן־פירער האָט דורכן צעעפנטן געטאָ־טויער געגעבן אַ באַפעל:

— אויסרייניקן דאָס געטאָ פון די יידן!

אויף די ליידיקע גאַסן האָבן אָפּגעהילכט אייזערנע טריט פון סאָלדאַטן, באַוואָפנטע ווי צו אַן אַטאַקע אויף אַ שלאַכטפעלד.

ביי די צעעפנטע טירן פון פּסח׳ס הייזל זענען שטיין־געבליבן אַ פּאָר סאָלדאַטן.

— אַרויסגיין!

די סאָלדאַטן האָבן מיט די באַגנעטן אויף שפּיצן ביקסן אויפגעריסן די לאָדנס. פון די פענצטער מיט די צעלעכערטע שויבן האָט אַרויסגעקוקט אַ טיפע שווייגעניש.

איינער פון זיי האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און די איבעריקע זענען אים נאָכגעגאַנגען אין הייזל אַריין.

— אַנטלאָפן אָדער באַהאַלטן — האָט ער געריטשעט אין דער שטילקייט.

די סאָלדאַטן זענען אַרויף אויפן בוידעם. צעשטאָכן יעדן פינצטערן ווינקל, גענישטערט אין אַלע צימערן. אין פּסח׳ס חדר האָבן זיי צעעפנט דעם ערשטן קעלער, אַריינגעשאָסן אין די ווינקלען.

שלמה האָט אָפּגעריסן זיין אויער פון דער וואַנט. ער האָט אַ קריך געטאָן אויף אַלע פיר און אַריינגערעדט שטיל אין דער פינצטערניש:

— זיי זענען אַרויס!

איינגעקנאָדערטע קערפּערס, צונויפגעקאָרטשעט פון שרעק, האָבן אָפּגע־דעקט די פּנימער; מיט ברייט צעעפנטע מיילער אַריינגעצויגן די קעלערלופט. פסח האָט מיט עסיק־עסענץ איינגעריבן רבקהס קאַלטע הענט. רחלע האָט זיך געטוליעט מיט איר צעביסן פויסטל צו דער מאַמען. שלמה׳ס ווייב האָט מיט אַ טראָפּן־פלעשעלע ביי דער נאָז איינגערוימט אסתרלען אין אויער: „ש־שש״; בונעם האָט געהוידעט אין דער לופטן זיין פאַרחלשט עופהלע, וואָס ער האָט אַפּערגעשלעפּט פון אונטער אַ באַרג בעטגעוואַנט.

די סאָלדאַטן זענען אַרומגעלאָפן אין די שכנותדיקע הייזלעך און ווילדן געיעג צו פאַנגען אַ יידיש לעבן. אויף אַ סך ערטער האָבן זיי געטראָפן בלויז פוסטע ווענט.

פון קלמן גילבערגס בוידעם־שטיבל האָבן זיך געהערט שיכורע געשרייען. די רוצחים האָבן דאָרט געטראָפן דעם זקן, ר׳ חיים שמואל ראָזענבוים ליגן אין בעט, איינגעוויקלט אין אַ טלית און תפילין מיט אַ ספר אין האַנט. צע־ווילדעוועטע האָבן זיי געטופּעט מיט די שטיוול:

— זאָג, וווּ זענען באַהאַלטן די יידן!

דאָס טויט־בלאַסע פּנים מיט דער ווייסער צוויי־שפּיציקער באָרד, האָט קוים אַרויסגערעדט:

— איך ווייס נישט.

אַ שאָס האָט אָפּגעהילכט אין צימער און דער זקן איז אַנטשוויגן געוואָרן אויף אייביק.

אין געטאָ האָבן געווילדעוועט די מערדער. דער שול־הויף איז יענעם טאָג אָנגעשטאָפּט געוואָרן מיט די ערשטע פיר טויזנט געכאַפּטע יידן.

**

דאָס געטאָ איז אַנטשוויגן געוואָרן אין פיינלעכער שטילקייט.

ביינאַכט.

טונקעלע געשטאַלטן אין מיליטערישע מונדירן האָבן זיך געשאַרט ביי די ווענט מיט לויערנדיקע טריט, אָנגעשפּיצט דעם געהער, אויפצוכאַפּן דעם מינדסטן שאָרך פון אונטער דער ערד.

פון די געסלעך האָט אַלע ווײַלע אויפגעבליצט אַ ליכטשיין און אָפּגע־שפּיגלט זיך אין די שוואַרצע פענצטער־לעכער.

פסח, מיטן אויער ביי דער קעלער־וואַנט, האָט אויפגעכאַפּט אַנקומענדיקע טריט. „מ׳גייט!״ — האָט ער אַ זאָג געטאָן און אַלע האָבן אויפגעציטערט.

אין שטיבל זענען ליכט־פּאַסן געשפּרונגען פון די ווענט אויף דער פּאָד־לאָגע. איינער האָט אַרויסגעבורטשעט:

— צום טייוול! פון דאָ ערגעץ האָב איך געהערט אַ קינד אַרויסוויינען.

— לאָמיר אַ זוך טאָן אין די הייזלעך — האָט אים אַ צווייטער אַ שלעפּ געטאָן.

די לעמפּלעך האָבן זיך אויסגעלאָשן און ווידער איז דאָס שטיבל פול געוואָרן מיט אַ קבר־פינצטערניש.

די שווערע טריט וואָס האָבן זיך געהערט פון אויבן, האָבן ווי מיט האַמערס געשלאָגן איבער די קעפּ פון די מענטשן אין באַהעלטעניש.

פון די שכנותדיקע הייזלעך האָט זיך צעטראָגן אַ געקלאַפּעריי פון אייזערנע דרענגער אין די פּאָדלאָגעס.

פון די טיפענישן אין געטאָ האָבן אָפּגעהילכט גראַנאַטן־אויפרייסן, ביקסן שאָסן און פאַרשטיקטע געשרייען.

***

דער פערטער טאָג אין באַהעלטעניש. מידע אויסגעמאַטערטע לעבנס זענען געלעגן אויף די אָנגעוואָרפענע מלבושים און בעטגעוואַנט. די לופט איז געווען אָנגעפילט מיט ריחות פון מענטשלעכער אומריינקייט.

פּסח איז געזעסן איינגעקאָרטשעט אין אַ ווינקל. ער האָט שוין אויפגעהערט קריכן צו דער וואַנט, אונטערשטעלן דאָס אויער. די לויערנדיקע טריט אין דרויסן האָבן אויף אים שוין נישט אָנגעיאָגט אַזאַ שרעק, ווי אין די ערשטע צוויי טעג. ער האָט אַ פאַרשטיינערטער זיך איינגעהערט ווי זיין ווייב רבקה רעדט עפּעס צו זיך אַליין, ווי זיין רחלע שטיקט זיך אין געוויין לעבן דער קראַנקער מאַמע, און זיין האַרץ, ווי אויסגעהוילט פון יעדן געפיל.

***

אויפן אַכטן טאָג איז דאָס באַהעלטעניש געבליבן ווי אַן אָפענער קבר. דאָס ליכטשיין פון אויפגעריסענעם פענצטער האָט באַלויכטן די טויטע רבקה, וואָס איז געלעגן אַ פאַרשטאַרטע לעבן בערגעלע ערד, ווו עס איז געווען באַ־גראָבן בונעמס עופה׳לע. פון דער אָפענער באַהעלטעניש האָט אַרויסגעקוקט אַ טויטע שטילקייט, וואָס האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע הייזל.

איבער די פאַרבלוטיקטע שטיינער אויף דער ראָגאָווסקע־גאַס איז פּסח אַרומגעלאָפן אַ וואַנזיניקער מיט רחלען אויף די הענט. די רוצחים וואָס האָבן אים באַגעגנט, האָבן אים פאַרטריבן צום מאַסן־קבר הינטערן שטעטל.

# סוף פון געטא

האַרבסט 1942. אויף דעם קליינעם מאַרק האָבן אויסגעשלאָגן די לעצטע שעהן פון יידישן לעבן אין שטעטל. פון אונטער דער ערד זענען כסדר אַרויס־געשלעפּט געוואָרן די רעשטלעך יידן פון די פאַרבאַרגנסטע באַהעלטענישן.

יידן זענען געזעסן אויף די שטיינער רעזיגנירטע, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. באַוואָפנטע סאָלדאַטן זענען געשטאַנען אַרום זיי, ווי דער מלאך המוות ביי אַ גוססדיקן.

אין מיטן פון דער צונויפגעקוועטשטער מאַסע יידן איז געזעסן דער יונגער אויסגעבלייכטער פון שרעק און הונגער, משה סאָליאַזש. אָט דאָ, האָט ער דער־פילט אין דער גאַנצער שאַרפקייט די גרויסע סכנה, וואָס האָט זיך געקנאָדערט וואָכנלאַנג אין אַלע ווינקעלעך פון געטאָ, אין פינצטערן ערדישן לאָך. אַלע שרעק־מינוטן האָבן זיך צוזאַמענגענומען און ווי אַ דונער איבער זיין קאָפּ אָפּגעהילכט : דאָס זענען די לעצט מינוטן פון לעבן !

צו זיין יונגערן חבר, בערעלע שולץ, וואָס איז געזעסן לעבן אים מיט פּחד אין די אויגן, רעדט ער אַריין אין אויער :

— געדענק, אַזוי ווי מיר האָבן גערעדט. ווען דער לאַסט־אויטאָ מיט אונז וועט זיך פאַרדרייען צום וועלדל אויפן קאָסאָווער וועג, שפּרינג איך דער ערשטער און דו נאָך מיר. פאַרגעס נישט צו לויפן זיג־זאַגיק ביז צום וואַלד.

— אפשר שוין נישט כדאי, אויך אין וואַלד איז דער טויט פאַר יידן — האָט בערעלע געענטפערט אַ רעזיגנירטער.

— אַלע טויטן, אָבער נישט טרעבלינקע ! נישטאָ וואָס צו פאַרלירן !

— ביסט זיכער, אַז די ערשטע קויל וועט אונז נישט טרעפן און מיר וועלן נישט בלייבן ליגן ווי דערשאָסענע הינט אין פעלד ?

— אין וואַלד האָסטו נאָך האָפענונגען, אָבער אין טרעבלינקע — באַשליס שנעל, די צייט איז קורץ !

— איך שפּרינג נאָך דיר !

ווען די לאַסט-אויטאָס, פול אָנגעשטאָפּט מיט די לעצטע ייִדן, האָבן זיך שפּעטער מיט גערויש אָוועקגעלאָזט אויפן וועג קיין טרעבלינקע, זענען צום אָפּענעם געטאָ־טויער אָנגעקומען צוויי פּויערים, אונטערשטופּנדיק אַ טויט־דערשראָקענע יונגע פרוי. אַ צעיושעטע באַנדע פּוילישע ייִנגלעך האָט זיי נאָכגעשריגן:

„דאָ געטאָ! דאָ געטאָ!" (אין געטאָ אַריין, אין געטאָ אַריין!)

אין מיטן פון קליינעם מאַרק האָבן זיי שטיין־געלאָזט די פרוי אין צעריסענע קליידער, פון וועלכע עס האָבן אַרויסגעקוקט שטיקער לײַב. זי איז געשטאַנען אַ פאַרלוירענע, מיט דעם לעצטן צאַפּל פון איר לעבן.

איינער פון די צוויי פּויערים, מיט אַ צלמל, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון זיין צעעפנט העמד, האָט, אַראָפּציענדיק זיין היטל, געזאָגט מיט אַן אונטערטעניקן טאָן צום דייטש מיט אַ „טויטן קאָפּ" אויף זיין ברוסט:

— מיר האָבן אייך געברענגט צו טרייבן אַ ייִדישקע, וואָס האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט אויף די וועגן צווישן די דערפער.

— און דו וואָס זאָגסט? וואָס זאָל מען מאַכן מיט דער ייִדישקע? — האָט דער דייטש געפרעגט ביים צווייטן פּויער.

— איך, פּאַניע, האָב אַריינגערעדט אין דער ייִדישקע, אויפן וועג צום געטאָ, אַז אַזאַ מוז זיין איר גורל. ווו לויפסטו? מוזט גיין אַהין, ווו אַלע דיינע ייִדן זענען געגאַנגען!

דער דייטש האָט אָנגעשטעלט זיין בינאָקל צו דער פרוי און אויסגעשריגן באַפעלעריש.

— איך פאַראָרדן אַנדערש! דו ייִדישקע, בלייבסט לעבן! אַלע דיינע ייִדן זענען אַוועק קיין טרעבלינקע, נאָר דו וועסט בלייבן אין שטאָט אַרבעטן ביי אונז.

ביידע פּויערים האָבן נישט געקאָנט באַנעמען די מילדע באַציאונג צו זייער קרבן. דעם גאַנצן וועג האָבן זיי זיך פאָרגעשטעלט, אַז באַלד ביי דער שוועל פונעם געטאָ וועט איר דער ערשטער דייטש מיט אַ ביקסן־קאָלבע דעם קאָפּ צעשפּאַלטן און נאָך דעם וועלן זיי באַקומען זייער לוין.

— ייִדישקע, וועסט עסן ביי אונז ברויט מיט שפּעק און צוטרינקען רום — האָט אַ צווייטער דייטש מיט אַ בראָנפן־שטימע, זיך אָנגערופן הינטער אירע פּלייצעס, צווינקנדיק מיט אַן אויג צו די באַוואָפנטע אוקראַינער.

— צום טייוול! ווילסט נישט לעבן מער, ייִדישקע?! טאָ קלייב אויס וועלכן טויט דו ווילסט: דערשאָסן ווערן ווי אַ הונט דאָ, אָדער גיין צו דיינע קאַמעראַדן קיין טרעבלינקע? איך גיב דיר איין מינוט צייט צו ענטפערן! — האָט דער דייטש באַפוילן מיטן רעוואָלווער אַנטקעגן אירע אויגן.

אין ליידיקן געטאָ האָבן אָפּגעהילכט שאָסן.

אויף דער ערד, פאַר די פיס פון די דייטשע רוצחים און פוילישע שקצים, איז געלעגן דער לעצטער קרבן פון סאָקאָלאָווער געטאָ...

נאָך דער פאַרניכטונגס־אַקציע האָבן די דייטשן איבערגעלאָזן אין געטאָ איבער פופציק יידן, מענער און פרויען, ריין צו מאַכן דעם געטאָ. די דאָזיקע יידן האָבן אונטער אַ שטרענגער וואַך סאָרטירט די זאַכן פון די פאַרלאָזטע יידישע הייזער, אין ספּעציעל איינגעאָרדנטע מאַגאַזינען, ווו עס זענען צונויפ־געזאַמלט געוואָרן די מער־קאָסטבאַרע חפצים, כדי זיי שפּעטער אָפּצושיקן קיין דייטשלאַנד. די זאַכן פון אַ קלענערן ווערט זענען ליציטירט און פאַרקויפט געוואָרן די פויערים פון די דערפער און די פּאָליאַקן פון שטעטל.

צווישן די פאַרבליבענע יידן האָט זיך אויך געפונען חיה־איטע פּערלשטיין (איצט אין ישראל), וואָס איז אָנגעקומען צו דער זשאַנדאַרמעריע אויף אַרבעט. זי דערציילט:

— דעם גאַראַזש אויף חנה־דעם־רב׳ס פעלד האָבן די דייטשן פאַרוואַנדלט אין אַ זאַמל־פּונקט פאַר די געציילטע יידן, וואָס זענען נאָך דער פאַרניכטונג אַנטדעקט געוואָרן דורך די רוצחים אין באַהעלטענישן. די זשאַנדאַרמעריע האָט איינגעפונען, אַז דאָ וועט זיין דאָס פּאָסיקסטע אָרט פאַר די געכאַפּטע, וואָס דאַרפן אָוועקגעשיקט ווערן קיין טרעבלינקע. דער גאַראַזש איז געווען אַ לאַנגער הילצערנער באַראַק, וואָס האָט פריער געדינט אַלס מאַגאַזין פאַר קאָסטנס ביר און בראָנפן און אַ שטיי־פּלאַץ פאַר די אויטאָס מיט וועלכע מען האָט די סחורה צעפירט אין דער אומגעגנט. מיט די זעלבע אויטאָס, וואָס האָבן פריער געהערט צו יידן, האָבן די זשאַנדאַרן־אָוועקגעפירט די געכאַפּטע יידן קיין טרעבלינקע.

אַ טויט־שרעק איז באַפאַלן די יידן אין באַראַק, ווען עס האָט זיך דערהערט דאָס אויפשליסן דעם פאַרזשאַווערטן שלאָס. די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט מיט אַ גרילץ און די דייטשן האָבן אַריינגעוואָרפן אַ פרישע גרופּע יידן אין דער פינצטערניש פון באַראַק.

איינמאָל, ביים אויפשליסן די טיר, האָט מען פון יענער זייט באַראַק געהערט אַ פרעך געלעכטער. אין דער אָפענער טיר האָבן די זשאַנדאַרן אַריינ־געשריגן: „איצט וועט איך זיין פריילעכער, מיר האָבן איך געבראַכט יודן־שוישפּילער״.

ווער זענען די דאָזיקע פון קאָפּ ביז פיס שוואַרצע יידן? פונוואַנען קומט די סאַזשע אויף זייערע פּנימער און אויף זייערע קליידער?

איינער פון זיי, קיימעס דער בעקער, האָט דערציילט:

— ווען מען האָט אין געטאָ אָנגעהויבן רעדן וועגן אויסבאַהאַלטן זיך, האָב איך פון מיין באַק־אויוון געמאַכט אַ וועג צו אַ באַהעלטעניש, וואָס האָט זיך געצויגן ביז צום דאַך־קוימען.

דאָרט זענען מיר אין רויך און סאַזשע געשטאַנען ווי אין אַ קלעם טעג און נעכט אָן עסן און אָן טרינקען, שטיקנדיק זיך מיט דער שרעקלעכער לופט, ביז די פיס האָבן זיך איינגעבראָכן און מיר האָבן געמוזט פון דאָרט אַרויס.

לעבן אונזער הייזל האָט אונז באַגעגנט אַ זשאַנדאַר. אַזוי זענען מיר געקומען אַהער.

זיי זענען צוזאַמען מיט אונז געשטאַנען און דורך די שפּאַלטן פון הילצערנעם באַראַק אַרויסגעקוקט אויף דער פּיענקנע־גאַס, אויף די אויפגעריסענע ליידיקע הייזלעך ווו עס איז שוין נישט געווען קיין סימן פון אַ מענטשלעך לעבן. פונ־דאַנען האָבן מיר אויך געזען דעם נאָך אָפענעם מאַסן־קבר, ביי וועלכן זשאַנדאַרן פלעגן נאָך דערשיסן די איינצלנע אָפּגעפונענע יידן.

איינמאָל האָט לאָלעק דער זשאַנדאַר געבראַכט אַהער איינע אַ פרוי פון די קאַלישער פּליטים, סאָניע בענעש. לאָלעק האָט איר באַפוילן אַריינגיין אין קבר און זיך אַוועקלייגן. דאַן האָט ער געצילט צו איר זיין רעוואָלווער. נאָכן ערשטן שאָס איז די פרוי געבליבן לעבן. נאָכן צווייטן שאָס האָט לאָלעק אַריינגעשריגן צו איר אין קבר אַריין: צום טייוול, דו לעבסט נאָך?! נאָכן דריטן שאָס, און די פרוי האָט נאָך געלעבט, האָט לאָלעק פון מאָרד־משוגעת געקאָפּעט מיט די פיס אין דער ערד און געריעוועט ווי אַ ווילדע חיה: דריי מאָל געצילט אין דיין קאָפּ און קיין איין מאָל נישט געטראָפן! קריך שנעל אַרויס פון גרוב און גיי וווהין דו ווילסט!

נאָך אַ פּאָר טעג אַרומוואַנדערן אין דער געגנט איז סאָניע בענעש, די געראַטעוועטע פון קבר, צוריקגעקומען אין געטאָ און מיט נאָך אַנדערע יידן אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין גאַראַזש. דאָ האָט זי דערציילט אירע איבערלעבענישן פון די לעצטע טעג. און פאַרענדיקנדיק האָט זי אַ זאָג געטאָן אַ פאַרצווייפלטע: און איצט איז געבליבן דער לעצטער וועג — קיין טרעבלינקע.

צוזאַמען מיט די איבעריקע יידן אין גאַראַזש איז זי שפּעטער אַוועק אין איר לעצטן וועג.

# צומארגנס...

## שלוס־קאַפּיטל פון מ. צאַנין

ווי עס איז שווער צו קומען דאָס ערשטע מאָל אויף קבר־אבות, אַזוי איז שווער צו קומען אין דיין אייגן שטעטל, דאָרט ווו דו האָסט דאָס ערשטע מאָל די שיינקייטן פון די פעלדער דערזעען, דאָרט ווו דיין טאַטע האָט דיך דאָס ערשטע מאָל אין אַ חדר אַוועקגעפירט, דאָרט ווו דו האָסט זיך דאָס ערשטע מאָל צונויפ־געטראָפן מיט דער וועלט. אין סאָקאָלאָוו האָב איך געקענט יעדן שטיין און יעדן בוים. איך וואָלט געקאָנט אויסרעכענען וועמען און דורך וועלכן פענצטער איך האָב געזעען אַרויסקוקן ווען איך בין אַלס קינד דאָס ערשטע מאָל געגאַנגען אַליין אין גאַס.

סאָקאָלאָוו מיין היים־ שטאָט, סאָקאָלאָוו מיין האַרציק יידיש שטעטעלע, וואָס אַלס קינד האָב איך אויף דיר געקוקט ווי אויף דעם צענטער פון דער וועלט. אפשר זענען אויף דער וועלט נאָך פאַראַן אַ פּאָר שטעט, אָבער קיין איינע איז נישט אַזוי גרויס און אַזוי שיין ווי דו... אין ערגעץ אויף דער וועלט איז נישטאָ אַזאַ טייך, ווי דו פאַרמאָגסט, כאָטש דער טייך האָט אַפילו קיין נאָמען נישט. אין ערגעץ זענען די לאָנקעס נישט אַזוי גרין, ווי דיינע לאָנקעס און קיין שום שטאָט אויף דער וועלט פאַרמאָגט נישט אַזש צוויי שפּאַציר־סעדער... וואָס פאַר אַ וווּנדערלעכע וועלט דאָס איז געווען: סאָקאָלאָוו האָט געהאַט אַ הויכע שול, וואָס צו די פאַרביקע שייבלעך איבערן ארון־קודש האָט מען געדאַרפט פאַררייסן דעם קאָפּ, כדי צו קאָנען זעען זייער פאַרבן־שפּיל; סאָקאָלאָוו האָט געהאַט אַ פּלומפּ אינמיטן מאַרק, וואָס האָט אין די קינדער־יאָרן געלאָקט ווי עפּעס אַ פאַרכישופטע מאַשין, וואָס ציט אַרויס וואַסער פון די סאַמע טיפענישן פון דער ערד... אַפילו די סאָקאָלאָווער אָפּטע שריפות האָבן געהאַט אין זיך עפּעס אַזאַ טיפע ווילדע שיינקייט, וואָס פלעגט צעפלאַמען די קינדערשע פאַנטאַזיע און אַוועקפירן אין אַ וועלט פון גרויסע עמאָציעס.

אַפילו די מעשה־ביכלעך, וואָס מען פלעגט שפּעטער אויסלייען ביים בלינדן

אַהרנען האָבן נ־שט דערציילט וועגן געהיימניספולערע וועלטן, ווי די, וועגן וועלכע יונה דער בלעכער פלעגט דערציילן...

נייַן, סאָקאָלאָוו איז דער סאַמע צענטער פון דער וועלט און אַלדאָס שענסטע און אַלדאָס אינטערעסאַנטסטע שפּילט זיך אָפּ אין דער דאָזיקער שטאָט...

איך בין געווען אין אַ סך שטעטלעך אויף פּאָדליאַשע. צען מאָל האָב איך די שטאָט געקאָנט זעען, און זי אויסגעמיטן. איך האָב מורא געהאַט אַריינצופאָרן און צו דערזעען, אַז טאָמער איז ריכטיק דאָס אויך דאָ זענען מער קיין יידן נישטאָ...

איך בין אָנגעקומען קיין סאָקאָלאָוו אין אַ שפּעט־זומערדיקן באַגינען. דער מאַרק איז געווען ליידיק, די קראָמען — געשלאָסן. די מויערן, די סטראַגאַנעס אַרום מאַרק, וואָס אַלס קינד האָט זיך מיר געדאַכט, אַז קיין גרעסערע זענען אויף דער וועלט נישט פאַראַנען, זענען איצט מאָדנע קליין און עלנט. אַ באַקאַנטע, אַ נאָענטע עלנטקייט. עס דאַכט זיך מיר, אַז אויך זיי, די הייזער קוקן אויף מיר מיט צעגליטע שויבן פון דער אויפגייענדיקער זון. זיי דערקענען מיך זיכער, און עס דערקענט מיך זיכער די פּלומפּ אויפן מאַרק, וואָס אַלס קינד האָב איך קיינמאָל נישט געקאָנט אויפהייבן דעם שווערן אייזן צו פּאָמפּען.

איך זע נישט עמעצער זאָל גיין אין שול אַריין צום דאַווענען. איך זע נישט וועלכע עס איז „פיוונע" זאָל זיך עפענען אין דעם פריען מאָרגן און איך זע נישט די מאַרקשטייערינס זאָלן זיך איילן צום מאַרק מיט גרינסן פאַר די פּליי־סיקע סאָקאָלאָווער באַלעבאָסטעס.

איך גיי איבער די ליידיקע באַקאַנטע גאַסן און זע נישט קיין מענטש פאַר די אויגן. עפּעס עפּנט זיך אַ טיר און צוויי הענט גיסן אויס אַ שיסל מיט וואַסער אויפן טראָטואַר און די טיר פאַרמאַכט זיך צוריק. קיין פּנים זע איך נישט. דעם סימן פון חורבן זע איך אינעם נייעם בית מדרש: די פענצטער אויס־געשלאָגן, די ווענט פאַררויכערט. איך גיי אַראָפּ מיט דער גאַס צום טייך, אַ סך פון די הילצערנע הייזלעך זענען אַראָפּגעטראָגן, נייע הייזער זענען אויפגעשטעלט געוואָרן. די וועלט פון דער קינדהייט איז צעריסן.

און צעריסן איז דער אַלטער בית־עולם, אַ גרויסער ווילדער פּלאַץ. ביי דער בריק הער איך ווי עס קלאַפּט די מיל, אַ יידישע מיל געווען. דערנעבן קלאַפּט אַ שמיד — אַמאָל אַ יידישער שמיד דאָ געווען. און איצט קוקט מיר נאָך דער גוישער שמיד, ער וווּנדערט זיך זיכער וואָס אַ פרעמדער זוכט דאָ אין דער געגנט אין אַזאַ פריער שעה. ווייטער אַרויף, צום מאַרק, געפין איך די שול אָפּגעמעקט, דאָס נייע בית מדרש עלנט און פאַרוואָרלאָזט. און ווען איך קום צוריק אַרויף אויפן מאַרק זענען שוין עטלעכע קראָמען אָפן און אין די קראָמען — פרעמדע, אומבאַקאַנטע פּנימער.

נישטאָ מער קיין יידן אין דעם יידישן שטעטל סאָקאָלאָוו.

אינעם רבינס הויף גייען אַריין באַאַמטע, מיליץ, פרעמדע מענטשן. דאָרט זענען היינט מלוכהשע אַמטן, וואָס האָבן גאָרנישט צו טאָן מיט יידן.

און אַנומלט איז דאָך דאָ אַ גאַנצע מלוכה געווען. דעם רבינס הויף איז דאָך אַמאָל אַ וויכטיקער צענטער געווען פאַר גאַנץ פּאָדליאַשע.

דער סאָקאָלאָווער רבי יצחק זעליג מאָרגענשטערן, אַן אייניקל פון קאָצק, האָט געקיניגט איבער פּאָדליאַשע ווי אַ מאָנאַרך. פון די ווייטסטע שטעטלעך אַפילו פלעגן קומען אַהער ווייבער מיט קראַנקע, מיט קינדער — בעטן ביים רבין אַ רפואה שלמה. און דער רבי, ווי אַ דערפאַרענער דאָקטאָר, פלעגט אויספרעגן דעם קראַנקן און פאַרשרייבן רעצעפּטן אין אַ לשון־קודשדיקן לאַטיין, וואָס נאָר די סאָקאָלאָווער אַפּטייקער פלעגן פאַרשטיין...

אַ וווּנדערלעכער טיפּ געווען, דער סאָקאָלאָווער רבי. אַ מענטש מיט אַ פּלאַ־מיקן טעמפּעראַמענט און מענטשנקענער. ער האָט זיך קיינמאָל מיט זיינע קינדער נישט פאַרנומען, ער האָט קיינמאָל נישט געוווּסט וויפל בחורים עס לערנען אין זיין ישיבה, וויפל יידן עס זענען פאַראַן אין שטאָט, אָבער ער האָט אַלץ און אַלע גוט געקענט, ווען אַלע געהאַט אַ טרעפלעכע מיינונג. ער האָט ליב געהאַט אַ פּדיון, אָבער צום געלט, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, האָט ער קיין שום באַציאונג נישט געהאַט און דער אַלטער שמש פלעגט אים נאָכגיין און אויפקלייבן די קערבלעך, וואָס ער האָט אַרויסגעוואָרפן פון די קעשענעס.

סאָקאָלאָווער יידן זענען געווען געזונטע, אַרבעטזאַמע יידן, בעלי־מלאכות און קליינהענדלער, וואָס פון זייער אייביקער שווערער פּראַצע פלעגט זיי תמיד אויספעלן אַ טאָג אין דער וואָך. אָבער יידן מיט אַ געוואַלטיקער אמונה זענען זיי געווען. ברויט אפשר נישט, אָבער אַרבעט און אמונה האָבן זיי געהאַט צו דער זעט.

דאָך ביי דער גאַנצער מאַטעריעלער אָרעמקייט האָט סאָקאָלאָוו אַרויס־געגעבן אַ דור אינטעליגענץ, דיכטער, שריפטשטעלער, אינטעלעקטואַליסטן און לערער, וואָס זענען איצט צעוואָרפן און צעשפּרייט איבער אַלע יידישע ישובים אויף דער וועלט.

אין אָט דער קליינער שטאָט האָבן זיך אָפּגעשפּילט אַלע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע קאַמפן ביי יידן. ווען די קאַמפן צווישן די קאָצקער, גערער און אַלעקסאַנדער חסידים האָבן זיך געענדיקט, ווייל חסידות אין סאָקאָלאָוו האָט שוין מער נישט צובאַקומען יונגע כוחות, האָבן זיך די קאַמפן אָנגעהויבן צווישן וועלטלעכע פּאַרטייען: „בונד“, ציוניזם און קאָמוניזם. די קאַמפן זענען געווען פּונקט אַזעלכע פאַרביסענע, ווי עס זענען געווען פאַרביסן די סאָקאָלאָווער יידן.

אין די אָוונטן, אין שפּאַציר־סאַד און אין די פאַראיינען, פלעגן די דיסקוסיעס דערגיין עד לב השמים. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס זענען די געבורט־ווייען פון אַ נייעם סדר אויף דער וועלט.

אויף קיין נייעם וועלט־סדר האָט זיך די סאָקאָלאָווער יוגנט נישט דער־וואַרט. ווען דער נייער וועלט־סדר איז אָנגעקומען אַהער איז ער, דער סדר, אַריינגעפאַלן אין אַ שלאַנגן־נעסט, וואָס האָט פריער פאַרסמט דאָס יידישע לעבן

און שפעטער, אונטער דעם אַפּוטרופּסות פון די דייטשן, צוגעהאָלפן אויסוואָרצלען דעם יידישן געביין.

פון תמיד־אָן זענען די יידן דאָ אויסגעשטאַנען אַ ווילדן אַנטיסעמיטיזם. די שטאָטישע מיעשטשאַנעס, די סאָקאָלאָווער שוסטער און פּייערלעשער פלעגן תמיד זוכן אַ געלעגנהייט „אַ שפּיל צו טאָן זיך" מיט יידן. דעם היסטאָרישן שאַנס האָבן זיי באַקומען אין דעם ערשטן טאָג ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט. שוין דעמאָלט, ווען די דייטשן זענען נאָך נישט צוגעטרעטן צו פאַר־ניכטן די יידן, האָבן שוין די סאָקאָלאָווער מיעשטשאַנעס אָנגעהויבן רויבן און מאָרדן.

איבער סאָקאָלאָוו איז אַדורך אַ פינצטערער שטורעם. ווען יידן זענען געלאָפן צום בוג זיך ראַטעווען, האָבן סאָקאָלאָווער פּויערים זיי באַרויבט און דער־מאָרדעט אויף די וועגן.

קומט מיט מיר אין האַלבן טאָג איבער די גאַסן פון סאָקאָלאָוו. די ווייניק פאַרבלייבענדיקע פּרויען זענען אָנגעטאָן אין מלבושים, וואָס דו ווייסט זיכער, אַז זיי זענען יידישע. די פאַרהאַנגען אין די פענצטער, די איינריכטונג אין די געשעפטן — אַלץ איז יידיש. וואָס מען האָט נישט צוגערויבט ביי יידן, האָט מען שפּעטער באַקומען ביי די דייטשן... און דער גאַנצער רויב הייסט „זאַכן נאָך די דייטשן", און די הייזער, אין וועלכע די פּאָליאַקן וווינען, הייסן נישט יידישע הייזער, נאָר „הייזער נאָך די דייטשן", ווייל די דייטשן האָבן געהאַט בדעה זיי צו פאַרקויפן...

איך בין זיך נוהג געווען, אַז אין יעדער שטאָט, ווו איך בין געקומען, האָב איך זיך נאָכגעפרעגט ביי אָרטיקע פאָטאָגראַפיסטן, צי ביי זיי האָבן זיך נישט אויפגעהאַלטן פאָטאָגראַפישע אויפנאַמען פון דער אָקופּאַציע־צייט. דאָ, אין סאָקאָלאָוו, האָב איך אַפילו נישט געוואַגט, איך האָב נישט געוואָלט דער מינדסטער פאַרדאַכט זאָל פאַלן אויף מיר, אַז איך האָב וועלכן עס איז שייכות מיט יידן, אָדער אַז איך אינטערעסיר זיך בכלל מיט יידן...

האָב איך נישט געוואָלט צוגעבן נאָך אַן עלנטן קבר צו די יידישע קברים, וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע פעלדער און וועלדער אַרום. כ'האָב נאָר געוואָלט אַ קוק טאָן ווי עס זעט אויס די שטאָט, וואָס איז געווען די וועלט פון מיין קינדהייט, וואָס איך האָב קוים געגלויבט, אַז עס איז דאָ נאָך אַזאַ צווייטע ווי זי. און איך האָב זי געזען אַזאַ עלנטע, אַזאַ שוידערלעך צעבראָכענע, אַז ווען ס'איז אָנגעקומען דער אויטאָבוס קיין ווענגראָוו, האָט די ערד געבריט אונטער מיינע פיס און איך האָב פאַרלאָזט די שטאָט. אויף אייביק פאַרלאָזט.

ד״ר מ. דבורז׳צקי

# זכור

**זכור** את שואת ישראל, זכור את האבדן ואת המרי, והיו לך לאות וללקח לשנות דור ודור:

**ונלוה** הזכרון הזה אליך תמיד — בלכתך בדרך ובשכבך ובקומך:

**וארשת** לך לעולם זכר אחים אשר אינם עוד:

**ובא** הזכר בבשרך, בדמך ובעצמותיך:

**חרוק** שניך וזכור: באכלך את לחמך — זכור: בשתותך את מימיך — זכור: שיר כי תשמע — זכור: בזרוח השמש — זכור: ובבוא הלילה — זכור: וביום חג ומועד — זכור תזכור:

**ובית** כי תבנה והשארת בו פרץ למען יהיה חורבן בית ישראל לנגדך תמיד:

**ושדה** כי תחרוש והקימות בו גל אבנים — גלעד לאחים אשר לא באו לקבר ישראל:

**ולחופה** כי תוביל את בניך והעלית על ראש שמחתך את זכר הבנים אשר לחופה לא עוד יובלו:

**והיו** לאחד: החי והמת; החלל והשריד; אשר הלכו ואינם — ואשר נשארו לפלטה:

**שמע**, איש ישראל, לקול הקורא אליך ממעמקים: אל דמי לך. אל דומי!

ד״ר מ. דוואָרזשעצקי

# געדענק!

**געדענק** די קאַטאַסטראָפּע פון ישראל — געדענק דעם קאַמף און דעם אומקום — און לערן פון זיי אַ לערע.

**און זאָל** דאָס געדענקען זיין דיר אַ באַגלייטער, ווען דו גייסט אין וועג, ווען דו שלאָפסט און ווען דו וואַכסט אויף.

**וארשת לעולם** דעם זכרון פון די, וואָס זענען שוין ניטאָ.

**און זאָל** דער זכרון פון דער קאַטאַסטראָפע זיין זאַלץ אין דיין ברויט, און זאָל ער אַריין אין דיר, אין דייַן בלוט, אין דיין פלייש און ביין.

**פאַרקריץ די ציינער** און געדענק! און ווען דו עסט — געדענק! און ווען דו טרינקסט — געדענק! און ווען דו הערסט אַ ליד — געדענק! און ווען עס שיינט די זון — געדענק! און ווען עס קומט די נאַכט — געדענק!

**און אַ שטוב**, אַז דו וועסט בויען, ברעך אין איר אַ וואַנט — בכדי דו זאָלסט תמיד זען פאַר דיינע אויגן דעם חורבן בית־ישראל.

**און אַז דו וועסט** אַ פעלד פאַראַקערן — אַ באַרג־פון־שטיינער שטעל אויף אין אים — צו עדות און זכרון פאַר די ברידער, וואָס זענען צו קבר ישראל ניט געקומען.

**און אַז דו וועסט** דיין קינד צו חופּה פירן — הויב אויף דעם זכרון פון יידישע קינדער, וואָס צו דער חופה וועט מען זיי שוין קיינמאָל ניט פירן — און אפילו קיין קדיש וועט קיינער נאָך זיי קיינמאָל ניט זאָגן.

**און זאָל ווערן איינס!** דער טויטער — און דער לעבעדיקער; דער אויסגעריסענער — און דער איבערגעבליבענער; די וואָס זענען אַוועק — און די שארית־ישראל.

**הער צו און הער**, ווי עס רופט יעדן איינעם פון אונז — די לערע פון דער פאָלקס־קאַטאַסטראָפע — צו אומרו! צו אומרו!

# אינהאַלט: